אין דער צייט פון וואָפן־שטילשטאַנד, זיינען אין ליפּנישאָק פאַרבליבן נאָר 3 דייטשישע סאָלדאַטן פון דער אַקופּאַציע־מאַכט, זיי האָבן אַכטונג געגעבן אויף די אָרדנונג אין שטעטל און געהיט דעם שפּייכלער מיט די תבואה וועלכער האָט זיך געפונען אין דער גרויסער שול. די גרעסטע טייל פון די תבואה איז טראַנספּאָרטירט געוואָרן מיט דער באַן קיין דייטשלאַנד. דאָך איז פאַרבליבן אַ גרויסער קוואַנטום פון קאָרן, וואָס מען פלעגט, יעדן טאָג, צוטיילן צווישן דער בעפעלקערונג אין ליפּנישאָק. די פּויערים פון די דערפער האָבן געוווסט פון דעם ,און אויך וויסנדיק, אַז אין שטעטל זיינען כמעט ניט פאַרבליבן קיין דייטשן, האָבן זיי גענומען פּלאַנירן אַ אָנפאַל אויפן שפּייכלער און צונעמען די תבואה. אין אַ געוויסן טאָג זיינען זיך צונויפגעקומען אין שטעטל גרויסע מאַסן פון פּויערים פון די אַרומיקע דערפער, וועלכע האָבן זיך קאָנצענטרירט אין שול־הויף און ארום דער שול. זיי האָבן געוואָלט אויפברעכן די טירן פון שול און אָנהייבן שלעפּן דאָס קאָרן. די דייטשישע סאָלדאַטן האָבן זיך אָבער ניט פאַרלאָרן, זיי זיינען ערשינען אין שול־הויף באַוואָפנט מיט געווער און האַנט־גראַנאַטן און געפאָדערט פון די פּויערים, פאַרלאָזן דעם שול־הויף און צוריקפאָרן אין די דערפער. זיי האָבן זיי געמאָלדן, אז די דייטשישע מיליטער הערשט נאָך אין די געגנד און יעדער וואָס וועט אויפוועקן אונרוהען, וועט אויפן פּלאַץ דערשאָסן ווערן. איינער פון די פּויערים, וואָס האָט אַרויסגעוויזן דרייסטקייט, האָט זיך דערנענטערט צו דער שול און געוואָלט זיין אַ ביישפּיל פאַר די איבעריקע פּויערים, אָבער איינער פון די דייטשן האָט גלייך געשאָסן איבער זיין קאָפּ און דער פּויער האָט גענומען אנטלויפן און מיט אים אויך די איבעריקע פּויערים, וועלכע האָבן פאַרלאָזן דאָס שטעטל.

די דרייסטקייט פון די דריי דייטשע סאָלדאַטן האָבן דאַן געראַטעוועט די יידישע באַפעלקערונג פון אַ זיכערן פּאָגראָם און פון אַ בלוט־פאַרגיסונג. אַ קורצע צייט שפּעטער האָבן די דייטשן צעטיילט די תבואה צווישן דער יידישער באַפעלקערונג און אין עטלעכע טעג אַרום האָבן די דייטשן פאַר־לאָזן דאָס שטעטל. מיט דעם האָט זיך אָפיציעל געענדיקט די דייטשע אַקופּאַציע אין ליפּנישאָק.

נאָכדעם ווי די דייטשן האָבן פאַרלאָזן אונזער געגנד האָט נאָך געדויערט גאַנץ לאנג ביז די באָלשעוויקעס זיינען אָנגעקומען. אין דער צווישן־צייט איז די גאַנצע געגנד געווען הפקר און אָן אויפזיכט פון

מיליטערישער אָדער ציווילער מאַכט. די יידן אין ליפּנישאָק האָבן זיך געשראָקן פאַר די פּויערים פון שטעטל און פון די ארומיקע דערפער. די שנאה צו די יידן איז געווען גרויס און עס איז געווען זייער מעגלעך, אַז די פּויערים וועלן אויסנוצן די הפקר־צייט, וועלן באַפאַלן די יידן און מאַכן פּאָגראָמען אין שטעטל. בכדי צו פאַרטיידיקן זיך אין פאַל פון אונרוהען, האָט די יידישע יוגנט אין שטעטל געשאַפן אַ זעלבסט־שוץ. נאָכן קריג, איז געווען לייכט צו קויפן געווער ביי די צוריקציענדע דייטשע סאָלדאַטן, און די יידן אין שטעטל האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט און געקויפט אַרום 15 ביקסן וועלכן זיינען צוטיילט געוואָרן צווישן די מיטגלידער פון דער זעלבסט־שוץ. יעדע נאַכט און אויך אין די טעג ווען די פּויערים פלעגן זיך צונויפקומען אין שטעטל, פלעגן יונגע לייט, באַוואָפנט מיט ביקסן, זיך אַרומדרייען צווישן די פּויערים, זיי זאָלן זען, אַז די יידישע באַפעלקערונג איז באַוואָפנט או איז גרייט זיך צו פאַרט־ידיקן.

אין פארלויף פון דער צייט זיינען אין רוסלאַנד פאָרגעקומען שווערע ברידער־קאַמפן צווישן די באָלשעוויקעס און די ווייס־רוסן און אין פוילן האָבן זיך אָנגעהויבן צו אָרגאַניזירן די פּאָליאַקן מיטן צוועק צו גרינדן אויפסניי זייער מדינה.ביידע פעלקער זיינען געווען פאַרנומען מיט זייערע ענינים און זיך ניט געהיילט צו אָקופּירן אונזער געגנט. ענדלעך זיינען צו אונז אָנגעקומען די ערשטע טרופּן פון דער רוסישער רויטער ארמיי. מיליטעריש זיינען זיי געווען שוואַך אָרגאַניזירט, אָבער זייער דיסציפּלינירט און פול מיט רעוואָלוציאָנערן גייסט. די ערשטע מאָנאַטן האָבן די באָלשעוויקעס ניט אַריינגעבראַכט קיין ווירטשאַפטלעכע אָדער געזעלשאַפטלעכע ענדערונגען אין ליפּנישקער אַרט לעבן, אָבער שפּעטער האָבן זיך פאַרשפּרייט שטאַרקע קלאַנגען, אז סאָוויעטישע בעאַמטע פאָרן אַרום פון שטעטל צו שטעטל און רעגיסטרירן אַלץ וואָס עס געפינט זיך אין די קראָמען און אין די שפּייכלערס. נאָכן רעגיסטרירן די פּראָדוקטן איז פאַרבאָטן געוואָרן זיי צו פאַרקויפן אָדער אַרויספירן פון שטעטל. ווען די נייס איז אָנגעקומען קיין ליפּנישאָק, איז שוין די סאָוויעטישע קאָמיסיע געווען אין איוויע, און אַ קורצע צייט שפּעטער איז זי אויך אָנגעקומען קיין ליפּנישאָק. די בעפעלקערונג פון שטעטל האָט ניט ארויסגעוויזן קיין גרויסן לוסט צו העלפן די קאָמיסיע אין איר אַרבעט. דאַן האָט די קאָמיסיע באַשלאָסן אָננעמען שטרייננגע מיטלען געגן דער בעפעלקערונג. ערשטנס

האָט זי געבראַכט אין שטעטל אַ ראָטע סאָוויעטישן מיליטער. נאָכדעם זיינען
זיי געגאַנגען פון שטוב צו שטוב, און געמאכט שטריינגע רעוויזיעס. ווער
עס האָט זיך קעגנגעשטעלט אָדער גערעדט אַ איבעריקן וואָרט, האָבן זיי
גלייך אַרעסטירט. אין דער צייט פון די אונטערזוכענגען האָבן זיי אַרעסטירט
דריי מענטשן, איין איד און צוויי קריסטן. נאָכדעם האָבן זיי ארויפגעלייגט
אַ גרויסן געלד־שטראָף אויף די יידן אין שטעטל וועלכן מען האָט געדאַרפט
בעצאָלן אין פארלויף פון 3 טעג. די אידן האָבן געמאַכט גרויסע אָנ־
שטריינגונגען, האָבן ווי עס איז צונויף געזאמלט די גרויסע סומע געלד און
באַצאָלט דעם שטראָף מיט דער האָפענונג אַז מען וועט בעפרייען די 3
אַרעסטירטע מענער, אָבער זיי האָבן געהאַט אַ ביטערן טעות. דער קאָמיסאַר
האָט זיי געבראַכט פאַר אַ מיליטערישן געריכט, וועלכער האָט זיי פאַר־
אורטיילט צום טויט. אויף מאָרגן, אַרום צען אַ זייגער, האָט מען
אַוועקגעשטעלט אויפן מארק א מאַשין־געווער און אריינגעטריבן אלע
איינוווינער אין די הייזער. נאָכדעם האָט מען ארויסגעפירט די דריי
מענער פון טורמע און זיי געפירט דורך די גאסן פון שטעטל אין דער
ריכטונג פון בית־עולם. אַלע איינוווינער זיינען געזעסן אין די הייזער
און געזען אונבעהאָלפן דורך די פענסטער, ווי מען פירט די דריי אונשול־
דיקע מענטשן צום טויט. דער ייד, מיט נאָמען דייכעס, איז געגאַנגען און
געפאלן און די סאָלדאטן האָבן אים אויפגעהויבן און געשלאָגן מיט די
ביקסן ער זאָל גיין שנעלער. זיי האָבן זיי געבראַכט צום בית־עולם, ווו
עס איז שוין געווען צוגעגרייט אַ גרוב, און זיי דאָרטן דערשאָסן. זיי זיינען
געווען די ערשטע דריי קרבנות אין שטעטל. די באָלשעוויקעס זיינען
געזעסן אין שטעטל נאָך עטליכע וואָכן. דאָס פוילישע מיליטער, וועלכע
האָט באַוויזן און פאַרלויף כון דער צייט זיך אָרגאַניזירן, האָט זיך דערנענ־
טערט צו אונדזער געגנד, און גענומען טרייבן די באָלשעוויקעס טיפער
קיין רוסלאַנד. עס האָט זיך אָנגעפאַנגען א מלחמה צווישן די באָלשעוויקעס
און די פּאָליאקן, וועלכע האָט געדויערט באַלד צוויי יאָר. אונזער שטעטל
איז יעדן מאָל אַריבער פון האַנד צו האַנד. אין א געוויסער צייט פון דער
פויליש־סאָוויעטישער מלחמה האָבן די פּאָליאקן פאַרטריבן די באָלשעוויקעס
טיפער אין רוסלאנד, און א גרויסע גרופּע פון פּוילישן מיליטער איז
געשטאַנען אין שטעטל אַ לענגערע צייט. אויב די דייטשן האָבן, אין זייער
אַקופּאַציע־צייט, ניט ארויסגעוויזן קיינע ספּעציעלע אנטיסעמיטישע ניי־

גונגען, און אויב די באָלשעוויקעס האָבן זיך בעצויגן, גוט אָדער שלעכט, צו אַלעמען גלייך, האָבן די פּאָליאַקן באַלד ארויסגעוויזן זייער אמתן אַנטיסעמיטישן פּרצוף. די קריסטן האָבן זיי געלאָזן צו רוה. זייער גאנצן צאָרן האָבן זיי אויסגעלאָזן צו דער יידישער, אָרעמער, פון קריג אויס־געמאַטערטער, באפעלקערונג. זיי האָבן ווידער דורכגעפירט גרונדלעכע און שטרענגע רעוויזיעס אין אַלע יידישע הייזער. וואָס עס איז נאָך פאַרבליבן פון די באָלשעוויקעס, האָבן זיי צוגענומען. די רעוויזיעס זיינען געווען בעגלייט מיט שלעג און טעראָר. די יידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין שטענדיקן שרעק ניט וויסנדיק וואָס עס ערוואַרטעט איר אויף מאָרגן. עטלעכע טעג שפּעטער האָבן זיי געכאַפּט צוויי אומגליקלעכע יידן, פון אַ צווייטער געגנד, וועלכע זיינען צופעליק אָנגעקומען קיין ליפּנישאָק און אַריינגעפאלן צו די פּאָליאַקן אין די הענט. זיי האָבן זיי ערקלערט אַלס שפּיאָנען, אַוועקגעפירט אויפן וויגאַן און זיי דערשאָסן באַלד אויפן פּלאַץ. אַזוי האָט אויך פּאַסירט מיט א יונגן מאַן פון שטעטל, וועלכער איז גע־גאנגען פון איוויע ביז ליפּנישאָק. אויך אים האָבן זיי אַוועקגעפירט אויפן וויגאַן און דערשאָסן. זיי האָבן אויסגעקליבן די שענסטע בעלי בתים פון שטעטל, און זיי געצוואונגען צו קערן דעם מאַרק און דעם פּלאַץ אַרום קלויסטער.

אין דער צייט פון די רעוויזיעס האָבן זיי אונטערגעוואָרפן ביי אַ יידן אין אויוון האַנד־גראַנאַטן און אים נאָכדעם באַשולדיקט אין אויסבאַהאַלטן געוועהר, וואָס איז געווען שטרענג פאַרבאָטן. זיי האָבן אים אַרעסטירט און פאַראורטיילט צום טויט. ווען זיי האָבן אים געפירט שיסן, האָט דער ייד זיך אָנגענומען מיט מוט און האָט גענומען לויפן. די פּאָליאַקן האָבן אים נאָכגעיאָגט און אויף אים געשאָסן, אָבער צום גליק האָבן זיי ניט געטראָפן און ער האָט בעוויזן איבערצושווימען דעם טייך גאַוויע און בלייבן לעבן. דאַן האָבן די פּאָליאַקן ארעסטירט דעם רב פון שטעטל און געדראָהט, אַז זיי וועלן אים אויפהענגען אויפן מיטן מארק. די פּאַניקע אין שטעטל איז געווען גרויס, מען איז געגאנגען אין בית המדרש און געזאָגט תהילים ביים אָפענעם ארון־הקודש. מען האָט אויך גענומען ריידן וועגן אויסלייז־געלד. דער פּוילישער קאָמענדאַנט פון שטעטל האָט באַשלאָסן וויפל געלד די יידן דאַרפן באַצאָלן, און נאָכדעם ווי ער האָט באַקומען די פאַרלאַנגטע סומע געלד האָט מען ענדלעך דעם רב באַפרייט. אַזוי האָבן די יידן געלעבט

אונטער דעם טעראָר־רעזשים פון די פּוילישע מיליטערישע טרופּן ביז די באָלשעוויקעס האָבן זיי אויסגעלייזט. טראָצקי האָט אָרגאַניזירט די רויטע אַרמיי און האָט אָנגעגריפן די פּוילישע מיליטער מיט זייער גרויסע קרעפטן. ער האָט זיי צוריק געטריבן ביז די טויערן פון ווארשע. און ווידער האָט די רויטע אַרמיי בעזעצט אונזער שטעטל און דאָרט געזעסן ביז אונגעפעהר א האַלב יאָר צייט.

דעם מאָל איז אין שטעטל געשטאַנען א פּולק סאָוויעטישע סאָלדאַטן. זיי האָבן מיטגעבראַכט אַ גרויסן און גוט אָרגאַניזירטן אָרקעסטער מיט אַרטיסטן און זינגער. זיי האָבן אויסגעבויט אויפן מאַרק אַ בינע, און יעדן אָוונט האָבן די אַרטיסטן פאָרגעשטעלט און דער אָרקעסטער האָט געשפּילט פאַר די סאָלדאַטן און אַלע איינוואוינער פון שטעטל. די באָלשעוויקעס האָבן אָרגאַניזירט אַ סאָווקאָם (סאָוויעטישן קאָמיטעט) וועלכער איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר די אָרדנונג אין שטעטל. די עקאָנאָמישע לאַגע איז אָבער געווען זייער שווער. עס האָבן געפעלט די וויכטיקסטע ערנעה־רונגס־פּראָדוקטן. דער סאָווקאָם האָט אַרויפגעלייגט אויף אַלע דערפער תבואה־שטייערן, וועלכע זיי האָבן געמוזט ברייגגען אין ליפּנישקער מיל, וווּ מען האָט צומאָלט די קאָרן און נאָכדעם געבאַקט ברויט פאַר די סאָלדאַטן און פאַר די באַפעלקערונג אין שטעטל. מען האָט געעפנט אַ ביבליאָטעק און אויך אָוונט־קורסן וווּ מען פלעגט איבערהויפּט לערנען וועגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג. נאָך דער גרויזאַמער פּוילישער אָקופּאַציע האָבן די יידן אַ ביסל פרייער אָפּגעאָטעמט. טראָץ דעם, וואָס די עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען זייער שווער און מען האָט ממש געליטן הונגער, דאָך איז מען געווען צופרידן. עס האָט געהערשט אָרדנונג און מען איז געווען זיכער מיטן לעבן.

דער גליק האָט אָבער ניט לאַנג געדויערט. מיט דער הילף פון די מערב־אייראָפּעאישע לענדער און איבערהויפּט פראַנקרייך, האָבן די פּאָ־ליאַקן בעוויזן זיך אויפמינטערן פון דעם שווערן קלאַפּ, וואָס זיי האָבן באַקומען פון די באָלשעוויקעס. זיי האָבן באַקומען ניי געווער און מיט דער הילף פון פראַנצויזישע הויכע אָפיצירן האָבן זיי אָרגאַניזירט דאָס מיליטער, און דורכגעפירט אַ גרויסע אָפּענסיווע אויף די באָלשעוויקעס. די פּאָליאַקן האָבן גענומען גיין פאָרויס און די באָלשעוויקעס האָבן גענומען לויפן צוריק, נאָך שנעלער ווי זיי האָבן פריהער אָנגעגריפן און דערגאַנגען

ביז וואַרשע. אין פאַרלויף פון עטליכע וואָכן האָבן זיי זיך צוריק געצויגן פון פּוילן, פון ווייס־רוסלאַנד און די פּאָליאַקן האָבן דערגרייכט באַלד ביז די טויערן פון קיעוו, ווו זיי זיינען געבליבן שטיין. אין דער צייט האָבן די פּאָליאַקן ווידער אָקופּירט ליפּנישאָק. דאָס מאָל האָבן אונדז באַזוכט די „האַלערצ׳יקעס” (די סאָלדאַטן פון גענעראַל האַלער), בעוווסטע אנטיסעמיטן און שונאי ישראל. ווידער האָט אָנגעפאַנגען אַ רעזשים פון טעראָר און געוואַלד־טאַטן. זייער בעסטער פארגעניגן איז געווען כאַפּן עלטערע יידן און אָפּשניידן אָדער אַרויסרייסן די האָר פון באָרד. צום גליק פון דער יידישער באַפעלקערונג האָט עס לאַנג ניט געדויערט. ענדלעך איז געשלאָסן געוואָרן א פרידן־אָפּמאַך צווישן רוסלאַנד און פּוילן. עס זיינען בעשטימט געוואָרן די גרענצן צווישן ביידע לענדער. אונזער געגנד איז פאַרבליבן אונטער דער מאַכט פון פּוילן און אויפן פּלאַץ פון מיליטער האָט די פּוילישע רעגירונג אָרגאניזירט די ציווילע מאַכט און די פּאָליציי איז געווען פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דער אָרדענונג אין שטעטל. מען האָט גענומען כּריי אָטעמען. ערנעהרונגס־פּראָדוקטן זיינען נאָך געווען זייער ווייניק, אָבער דאָך האָט מען שוין געקאָנט עפּענען די קראָמען און ביסלעכווייז אויך קריגן א ביסל סחורה צום פארקויפן. לאנגזאם, לאנגזאם האָט זיך געשאַפן אַ פאַרבינדונג מיט דער אויסערלעכער וועלט. מען האָט אָנגעהויבן ערהאַלטן בריוו און געלד פון קרובים אין אַמעריקע. די יידן האָבן באַקומען ניט נאָר פּריוואַטע הילף. פאַרשיידענע יידישע געהילפס אינסטיטוציעס פון אויסלאַנד האָבן אָנגעהויבן צו אָרגאניזירן הילף פאר דער אויסגעהונגערטער און אויסגעמאַטערטער יידישע באַפעלקערונג אין מזרח־אייראָפּע. אין ווילנע האָט זיך געעפענט א ביורא פון „יעקאפא”, א גרויסער אמעריקאנער פילאנטראָפּישער הילפס־פּאראיין. זיי האָבן געשיקט זייערע מענשן אין אַלע שטעט און שטעטלעך ווו זיי האָבן געטיילט פּראָדוקטן, זאַכן, שיך און געלד. זיי האָבן געעפענט קהלישע קיכן ווו מען האָט געקענט באַקומען ערנעהרונגס־פּולע און וואַרימע מאָלצייטן. אַדאַנק דער גרויסער און וויכטיקער „יאקעפּא־הילף” זיינען טויזנטער יידישע משפּחות געראַטעוועט געוואָרן פון אַ זיכרון הונגער־טויט. די יידן זיינען לאַנגזאַם געקומען צו די קרעפטן און זיך באַפרייט פון דער שווערער דעפּרעסיע, וועלכע האָט אויף זיי געווירקט אין פאַרלויף פון די לאַנגע און שרעקלעכע מלחמה יאָרן, ניט נאָר פיזיש, נאָר אויך גייסטיק. די מענשן האָבן אָנגעהויבן מאַכן

זייער לעבנס־באַלאַנס. אַנדערע האָבן באַשלאָסן פאַרלאָזן פוילן און זוכן זייער גליק אין אנדערע לענדער, איבערהויפּט אין אַמעריקע. די ציוניסטישע ווינטן האָבן גענומען שטארק בלאָזן אין אונזערע געגענדן. הערצל׳ס פּראָגראַם האָט זיך פאַרשפּרייט אין אַלע שטעט און שטעטלעך אין האָט מערער און מערער געווירקט אויף די יידישע מאַסן. עס האָבן זיך אָרגאַניזירט ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס, און עס האָט זיך אָנגעהויבן די עמיגראַציע קיין ארץ־ישראל.

דאָס שטעטל האָט ווידער אויפגעלעבט. דער האַנדל האָט זיך גענומען אַנטוויקלען, און דער יידישער קליין־שטעטלדיגער גלות־לעבן האָט ווידער אָנגעפאַנגען פאָרזעצן זיין שטילן און נאָרמאַלן לעבנס־גאנג.



ראשוני החלוצים מליפנישוק בארץ־ישראל

די ערשטע חלוצים פון ליפנישאָק אין ארץ־ישראל

יהודה גינזבורג

# ע י י ר ת י

בחיל ורעדה וברטט של קדושה הנני לוקח את העט כדי להעלות זכרונות על החיים בעיירתי היקרה שחרבה, ועל בני העיירה שנהרגו ונרצחו באכזריות איומה על ידי קלגסי הנאצים הצוררים.

בדומה להרבה עיירות אחרות שהיו פזורות במרחבי רוסיה הלבנה, ליטא ופולין, שכנה ליפנישוק על גבעה קטנה בדרך בין לידה ואיביה, מוקפת הרבה כפרים של גויים עוינים.

ליפנישוק לא נתברכה בעשירים גדולים. היו בה כמה בעלי־בתים אמידים, ושאר אנשי העיירה התפרנסו בקושי ממסחר, מלאכה, רוכלות וגם קצת חקלאות. את האדמות היו החקלאים היהודיים חוכרים מבעלי הקרקעות הגויים חוץ מבעל־בית אחד יחיאל לוין ז"ל, שהיו לו אדמות פרטיות סביב העיירה על יד הנחל והשדרה (פריסאדעס), וכל בני העיירה היו הולכים שם לטייל והנוער היה מנצל את השדרה כל ימי הקיץ.

עד כמה שאני זוכר, לא היו גם מלומדים גדולים, סופרים או משוררים בעיירה. אולם לעומת זאת התברכה ליפנישוק בבני תורה ולומדי תורה. אני נזכר בתמונה שראיתי בילדותי בשבת אחת אחר הצהריים בבית הכנסת, כאשר רבים מאנשי העיירה ישבו על יד ספרים פתוחים ולמדו, כל אחד בספר שלו ובנגון משלו. למדו גם בקבוצות תלמוד, משנה, עין יעקב, וגם חיי אדם.

ועוד תמונה אחת מימי ילדותי עומדת תמיד לנגד עיני: זה היה יום ששי אחד לפנות ערב, ביום שוק גדול (יריד), והחנונים האיצו בקונים הגויים לצאת מן החנויות כדי שיוכלו לסגור את החנויות וללכת לבית־הכנסת לקבלת שבת. אותם החנונים שכל השבוע היו מצפים ומחכים לקונים כדי להרויח את פת לחמם, שמרו מכל משמר על קדושת השבת, וסגרו את החנויות בזמן, לפני כניסתה.

בבית הכנסת דלקו נרות השבת במלוא הזוהר, ועל כל פנים היה נסוך חן של קדושה בזמן שירת התפילה של קבלת שבת בצבור.

השבתות והחגים בעיירה נחרתו עמוק בלבב כל ילד יהודי, וכל אחד נזכר ברטט של קדושה בחוויות השבתות והחגים בעיירה.

מכיון שלא שרדו פנקסים או תעודות מחיי הקהילה שלנו בעבר, אין לנו אלא לדלות מגנזי זכרונותיהם של הניצולים המעטים מה ששמעו הם פעם מפי זקני העיירה, שתמיד היו מתפארים שבליפנישוק היו פעם רבנים ולמדנים גדולים, פרנסים ומלמדים טובים שהצליחו להשריש בילדי העיירה אהבת התורה ואהבת ישראל. הם היו מפליגים בשבחם של יחידי סגולה אלה על מסירותם לצבור, לכלל, בארגון מוסדות צדקה, כגון: גמילות חסד, ביקור חולים, הכנסת כלה, מעות חטין ועוד.

ספרו גם על מחלוקות וסכסוכים קשים בגלל בחירת רב, או מינוי חזן או שוחט. כל החיים הציבוריים של העיירה התרכזו סביב בית הכנסת, והרב של העיירה היה מנהיגה הרוחני של הקהילה. את הרב הזקן (דער אַלטער רב) כפי שקראו לו, לא הכרתי; שמעתי רק סיפורים עליו ובעיקר שהיה צדיק גדול. את הרב הראשון שאני זוכר מימי הילדות, היה הרב שצקי ז״ל, שעבר אחר כך לכהן ברבנות באיביה ולומז׳ה. הרב היה בעל הדרת פנים, חריף־מוח ומופלג בתורה. אמו היתה אשת ר׳ איצלה פטרבורגר. אחרי שצקי באו הרבנים רויטברג, וסרמן, ברמן, שפירא ואחרים. כל אחד מהם השפיע באישיותו על החיים הרוחניים והחברתיים בעיירה.

היו זמנים שכמעט בכל כפר ואחוזה גרו יהודים בודדים. לימים הנוראים ולכל החגים היו כל יהודי הכפרים או ה„ישובניקעס״ כפי שכונו, מתאספים בעיירה כדי להתפלל בציבור ולהיות בחג בסביבה יהודית. בימים אלה היו בית המדרש ובית הכנסת מלאים מתפללים עד אפס מקום, ובליל „כל נדרי״ וביום הכפורים היו כל אנשי העיירה מתעטפים בטליתות וב„קיטלים״ ושופכים את תחינתם ולבם לפני בורא העולם.

גם נחשול המהפכה שעבר על רוסיה בשנת 1905, לא פסח גם על ליפנישוק, וספרו שגם בעיירה היו „מהפכני״ העיירה מארגנים אספות חשאיות. לא שמענו על פעולות מיוחדות. ידוע רק שכמה מה„מהפכנים״ ברחו לארצות הברית.

במלחמת העולם הראשונה סבלו בני העיירה מחסור ורעב.

במלחמה בין הבולשביקים והפולנים עברה העיירה כמה פעמים מיד ליד, וכל אחד מהם התאנה ליהודי העיירה. בדם קר שדדו ורצחו בעיירה, ולית דין ולית דיין.

אחרי מתן הצהרת בלפור התחילו לנשוב רוחות חדשות בעיירה. במקום ה„חדר״ המסורתי, שבו למדו כל ילדי העיירה במשך הרבה דורות, נוסד

בית ספר עברי מודרני, והנוער יסד ספריה ובה ספרים בעברית ובאידיש. קם חוג דרמטי, סודר אולם קריאה ונערכו ערבי שאלות ותשובות. צעירי העיירה והנוער התחילו לחשוב ברצינות על עליה לארץ־ישראל, ונוסדה הסתדרות „החלוץ המזרחי". בתקופה מאוחרת יותר התארגנו התנועות הציוניות: „צעירי ציון", „השומר הצעיר" ו„החלוץ הכללי", שכולן חנכו את הנוער להכשרה ועליה לארץ־ישראל. הראשונים לעליה מליפנישוק היו צבי בלוך, ז"ל, ולייזר חסמן ז"ל. הם נאסרו על ידי הפולנים בוילנא בדרכם לארץ־ישראל; העלילו עליהם שהם בולשביקים, והם ישבו בבתי הסוהר בוילנא ובקרקוב. אחרי זה התחילו רבים מבני הנוער לנסוע להכשרה לקראת העליה לארץ בכל מיני דרכים.

עד מלחמת העולם השניה עלו מליפנישוק כ־40 איש ואחרי המלחמה נוספו מניצולי השואה עוד כ־10 אנשים. כולם הסתדרו, הקימו משפחות וממשיכים את חייהם במדינת ישראל — חלום אשר קדושי עיירתנו לא זכו לראות בהגשמתו.

## לומדי תורה בליפנישוק

במשך דורות רבים ועד מלחמת העולם הראשונה קבלו ילדי העיירה את השכלתם ב„חדר" המסורתי בלבד. בעיירה היו „מלמדים" מדרגות שונות: למתחילים, לחומש ורש"י, לתנ"ך ולגמרא. ילדים שהצטיינו בלימודיהם היו נוסעים לישיבה קטנה ולאחר מכן לישיבות הגדולות והמפורסמות באיזור להמשך הלימודים. לאחר שנים רבות של לימודים בישיבות היו בחורים אלה מקבלים „סמיכות" לרבנות או הכשרה לשמש מרצים בישיבה ובמשך הזמן הגיעו לדרגה של ראשי ישיבות.

גם עיירתנו ליפנישוק התברכה בכמה רבנים שהוציאה מקרבה כגון: הרב מרדכי ברישנסקי ז"ל, רבה של הומל, שהיה ידוע כגדול בתורה ומפורסם כלוחם אמיץ עשוי לבלי חת אשר במשך שנים רבות נאבק בודד במערכה עם השליטים הקומוניסטים, על קיום חיי תורה, מצוות ודת ברוסיה הסובייטית: הרב משה ליב פאפה ז"ל, בנו של ר' אייזל פאפה, הרב מרדכי גינזבורג ז"ל, בהבדלו לחיים ארוכים הרב מרדכי רוגוב (כעת ראש ישיבה בשיקגו), הרב ראובן גינזבורג והרב דב שקולניק החיים בישראל.

כמה מיהודי ליפנישוק היו למדנים גדולים ורובם היו יודעי תורה

ולומדיה. יום יום בין מנחה למעריב היה רב העיירה „אומר" שעור בגמרא, בו השתתפו הרבה יהודים ולאחר מכן היו מתוכחים ביניהם בעירנות על הסוגיה שלמדו. היתה „חברה משניות" שהיתה חוגגת מדי שנה בשמחת תורה את „הסיום" ברוב שמחה והתלהבות. רוב הלומדים היו יוצאי ישיבות, שהתחתנו בליפנישוק והשתקעו בעיירה והם הוו את האינטליגנציה של העיירה. אף־על־פי שליפנישוק היתה עיירה קטנה, נמשכו אליה הרבנים הצעירים שכן ידעו כי עיירה זו היא מעין קרש קפיצה למשרה של רב בעיירה גדולה יותר, או אפילו בעיר גדולה. ואמנם זו היתה דרך עליתם של רוב הרבנים בליפנישוק, אשר לאחר שהייה של כמה שנים בעיירה, היו עוזבים אותה ועוברים לשמש ברבנות בקהילות גדולות יותר ועשירות יותר.

בכל התקופה בין מלחמת העולם הראשונה והשניה, לא נדם קול התורה בעיירה ומן הראוי לציין שלא רק הזקנים והמבוגרים עסקו בלימוד תורה, אלא גם הצעירים, וזכור לי חורף אחד כאשר התארגן חוג של בחורים צעירים ללמוד תורה ורב העיירה ש„אמר" לפניהם את השעור היה מרוצה מהתענינותם והתקדמותם של הצעירים האלה בתורה.

עם חורבן העיירה נדם בה גם קול התורה לעולמים.

### ה„ישובניק"

בשם „ישובניק" כונו היהודים שגרו בכפרים ובאחוזות והיו מבודדים מקהילות יהודיות בעיירות או בערים. ידוע שלפני הרבה שנים גרו יהודים בכל הכפרים והאחוזות סביב עיירתנו ליפנישוק, אולם במשך הזמן עזבו את מקומות מושבותיהם והסתדרו בעיירה. מסיבה זו, כנראה, הוסיפו לשמות הפרטיים של יהודים אלה את שמות הכפרים או האחוזות שבהם גרו במשך הרבה שנים. לדוגמא: יוסף דער הוראָדניקער, ישראל דער סאפאז'ינער, איצ'ע דער וויערגענער, ועוד, כמין שמות משפחה.

כל ה„ישובניקעס" היו מסודרים מבחינה כלכלית, הם היו חוכרי אחוזות, מחלבות ועוסקים בטחנות קמח ומנסרות עצים. בעיירה ראו את ה„ישובניקעס" כחלק בלתי נפרד מהקהילה היהודית, ולרובם היו קשרי משפחה וידידות עם אנשי העיירה. בכל חג וביחוד בחג הפסח ובימים הנוראים, היו ה־ישובניקעס" באים עם משפחותיהם לעיירה להתפלל שם

בציבור, להרגיש את אוירת החג בעיירה, לצאת במקצת מהבדידות בה היו שרויים כל השנה ולטעום מחיי החברה המסורתיים של הקהילה היהודית. בזמן שהותם בעיירה היו מתאכסנים אצל קרובים או ידידים וביחוד היתה מורגשת נוכחותם בבית הכנסת בו היתה הצפיפות גדולה מאד.

אם כי ה„ישובניקעס" גרו במרחק לא רב מהעיירה, הרי מחמת היותם מנותקים כל ימות השנה מחיי קהילה יהודיים ובגלל השפעת אורח החיים של האכרים הכפריים הגויים עליהם התפתחו לטיפוס מיוחד במינו, מבחינה גופנית ונפשית גם יחד. ה„ישובניק" היה בעל גוף בריא וחסון, בעל אופי נוח, ישר לב ובעל נפש רגישה. הם היו נדבנים ונותנים צדקה בגלוי ובסתר. לפני החגים היו שולחים מתנות לרב, לחזן ולשמש, וכן מצרכים שונים לעניי העיירה. זכורני מקרה מימי הרעב במלחמת העולם הראשונה ואני עוד ילד, כשהלכתי עם אבי ז"ל לטחנת הקמח של איצ'ע דער וויערגענער להשיג שם קצת קמח. הוא קבל אותנו יפה מאד ולא רק אותנו, אלא כל יהודי שהיה פונה אליו היה מקבל אוכל ופרוסת לחם לדרך.

נזכור את כל היהודים הטובים האלה יחד עם כל קדושי עיירתנו ויהי זכרם ברוך!



קבוצת ליפנישקאים מצולמים בתל־אביב בשנת 1936

אַ גרופּע ליפּנישקער פאָטאָגראַפירט אין תל־אביב אין יאָר 1936

חיה פפה־רוזנברג

# עיירתי האהובה

למרות, שאני כבר 35 שנה בארץ, אני זוכרת אותך טוב מאד; כל ארבעת רחובותיך ושלוש סמטאותיך, כל בית וכל משפחה אהובים עלי מאד, למרות, שלא פעם קרה ואחד נכנס לרשות חברו, אבל זה נשכח מזמן.

רק בארץ הבינותי כמה קשים היו חיי היהודים בגולה, ובפרט בעיירתנו, ליפנישוק. עיירה קטנה ועניה שלא היו בה יהודים אמידים (אולי אחד יוצא מן הכלל), רובם היו חנונים קטנים, בעלי מלאכה זעירים ועגלונים. פרנסתם לא היתה קלה, שכן לא היו בעיירה הרבה מקורות פרנסה. ההורים גם לא יכלו להרשות לעצמם לתת לילדיהם השכלה על־יסודית. גם לא היתה מטרה להשאר בעיירה; תמיד חיפשנו דרך לצאת מעיירתנו לעולם הגדול, מי לאמריקה ומי לארץ־ישראל. הודות לזה נשארו מתי מעט בחיים. יהודי ליפנישוק, למרות שחיו חיים קשים, היו יראי שמים ולא היה ילד במשפחה שלא ידע קרוא וכתוב או להתפלל, והיו כאלה ששלחו את ילדיהם ללמוד תורה בישיבות, במיר או בוולוז׳ין.

לא זכור לי אף מקרה אחד של יהודי מעיירתנו שישב בבית הסוהר, או היה גנב או פושע סתם, למרות החיים הקשים, ובמקרה שהתרגשה ובאה צרה על איזו משפחה בעיירה עזרו לה כולם. זכורה לי הדליקה שנפלה בביתנו כאשר כל העיירה באה לעזור לנו, הלכו ממש באש כדי להציל משהו מהרכוש. כשאחד היה כושל, לא נתנו לו ליפול. גם לחולים דאגו; עוד בזמני נוסדה אגודת „לינת צדק״, ואנחנו, בנות צעירות, ישבנו אצל החולות בלילות כדי שמשפחותיהן של החולות יוכלו לנוח, וכך עזרו גם הבנים לגברים חולים. גם הכנסת אורחים היתה דבר רגיל; אורח לשבת היה ענין של מצוה וכבוד גם יחד; חלוקת האורחים בבית הכנסת התנהלה לפי תור, ומי שקבל את היהודי הנודד לביתו לשבת היה מאושר.

זכור לי היטב גם בית הכנסת שלנו. לא פעם נזדמנתי שם בין מנחה למעריב. תמיד ישבו שם יהודים מסביב לשולחנות ולמדו תורה באהבה ובריגה. בית הכנסת שלנו היה לא רק מקום תפילה, אלא גם מרכז. כל שמחה ויגון התרכזו שם. בא אורח לבקר את מישהו, הרי ביקר בבית־הכנסת; בא נציג מרכז „החלוץ״ — נאם בבית הכנסת; אדם עני שאין לו

מקום ללון ולסעוד ידע ששם יעזרו לו; חדשות מהעולם שמעו שם. כל זוג שהתחתן — החופה היתה על יד בית הכנסת; ומי שנפטר — הספידוהו בבית־הכנסת. כמה אהבנו את בית המדרש שלנו שעמד בלידער גאס, רחוב שהיה מיושב יהודים בלבד.

זכורה לי היטב גם אפית המצות לפסח. המאפיה היתה אצל ביילה די הינערקע, שגרה על יד הנחל. האפיה התחילה שבוע אחר פורים, והיא נעשתה תוך שיתוף פעולה ועזרה הדדית, היינו: משפחות, משפחות היו מתאספות ועוזרות אחת לשניה באפיה ובכל העבודה הכרוכה בכך. גם לאלה שלא היה להם כוח לעבודה או לזקנים היו עוזרים.

זוכרת אני תקופה כשהרב שצקס עבר לאיביה ואנחנו בחרנו ברב חדש. היו שני מועמדים למשרה זו. יהודי ליפנישוק התפלגו לשני מחנות, וכל צד התעקש לבחור במועמד שלו. הריב היה קשה מאד, וליצני איביה אמרו שאנשי ליפנישוק הפסיקו לאכול „צ׳ולנט״ מתנור אחד. אבל כשנבחר לבסוף רב אחד שכחו הכל את הריב וכולם חלקו כבוד לנבחר. בזמן שלא היה רב היו באים לאבי זצ״ל להתדיין בפניו. לא הלכו לערכאות של הגויים ודין תורה היה קדוש להם. סכסוך מסחרי וכדומה היו מביאים לביתנו, והדבר היה נגמר תמיד בטוב ופשרה. אפילו גויים היו באים אלינו להסדיר את עסקיהם לפני שהלכו לערכאה הממשלתית שלהם. בעיירה גרו הגויים מסביב, ואנחנו חיינו אתם בשלום, סחרנו אחד עם השני, יחד הלכו הילדים לביה״ס הממשלתי, ולפעמים היינו משתתפים בשמחות אחד אצל השני. בפסח היינו מחלקים להם מצות והם לנו — מפרי אדמתם.

יהודי ליפנישוק היקרים! אפילו כאן בארץ עזרו וזכרו איש את רעהו, ביחוד משפחת בלוך שעלתה לארץ בשנות העשרים; ביתם, ברחוב גאולה בתל־אביב, היה פתוח לכל אחד מאתנו ובו מצאנו עזרה ועידוד עד שהסתדרנו בדירה ועבודה. עוד בליפנישוק, לפני עלייתנו, ידענו שיש לנו בארץ־ישראל כתובת לאן לפנות, וזאת היא משפחת בלוך. לי במיוחד היה בית בלוך ביתי הראשון בארץ. מהרגע שעברתי את הסף נתקבלתי בו באהבה רבה. זכורה לי הדודה רחל־לאה, ז״ל, האשה הטובה שתמיד הקבילה את פנינו בסבר פנים יפות ויעצה לנו כיצד להסתדר טוב.

משפחת בלוך היתה לנו לעזר בצרה ולחברה בשמחות. תמיד אזכור את האיש הטוב והמיטיב צבי ידידיה (בלוך), ז״ל, היקר, שעזר לי הרבה כשקרה לי אסון, ובאין קרוב היה הוא לי עוזר ומושיע, אסף אותי לביתו,

טיפל בי באהבה ובמסירות כאב, ואשתו זהבה, תבדל לחיים ארוכים, כאחות טובה היתה לי. מי ידע אם הייתי נשארת בחיים לולא אנשים טובים אלה. ה׳ ישלם גמולם.

ברצוני לציין כמה דמויות מאנשי ליפנישוק, שהם יקרים לי באופן מיוחד: משפחת יודל־יושה׳ס רובינוביץ (דער מילנער) ואשתו בת־שבע, ידידי ביתנו. האיש יודל עדין הנפש, מה טוב היה לראותו בביתנו יחד עם אבי, רכונים בערבי החורף הארוכים על ספרי הגמרא, שקועים בלמוד. איזה אציל נפש היה ר׳ יודל, ואשתו בת־שבע, כמה מסורה היתה למשפחה ונשאה בעול הפרנסה.

אַיֵם, כל יהודי עיירתנו היקרים?!

**ברוריה שקולניק־קולטון**

# ליפנישוק

בעיירה קטנה ויפה זו נולדתי, ובה עברו ראשית ימי. ליפנישוק היתה עיירה ליטאית טיפוסית, דומה לאחיותיה, העיירות הקטנות באיזור זה. בכל זאת נדמה לי כי לא דמתה בחיצוניותה לשאר העיירות. היא היתה נאה ונקיה; במרכזה היה השוק עם חנויותיו הבנויות קשתות, ומעבר מקומר, אשר שיווה להן הוד מיוחד. בפנים: שורת חנויות קטנות, רובן דלות. מהשוק הסתעפו ארבעה רחובות מרוצפים אבנים אשר קשרו את העיירה עם העולם: רחוב איביה, דרכו נסעו לאיביה ולתחנת הרכבת גביה. משה'קע „דער בעל־עגלה" (העגלון) עם ההומור התמידי שלו, היה נוסע בדרך זו בבוקר ובערב, והנוער היה מחכה, אולי יביא אורח או אורחת שיפיגו קצת את השעמום. מיל־גאַס (רחוב הנהר) בו גרו מספר יהודים. לשם היו יורדים לנחל להתרחץ או לכבס כבסים ובחורף היו הילדים מחליקים במורד רחוב זה במזחלות או היו יורדים דרכו אל הנהר הקפוא להחליק עליו. הרחוב הוביל צפונה לטראקי ולדיבינישוק, לכיוון וילנה. רחוב הכנסיה — שם עמדה הכנסיה המפורסמת באזור כולו בגדלה, בסגנונה הגותי עם חודי המגדלים, החלונות הגבוהים וציורי ה„קדושים" בצבעים כחול־ירוק וצהוב. כל יום ראשון ובחגים נהרו אלפי נוצרים מהסביבה לתפילה בכנסיה זו. אחרי התפילה נהגו להשתכר כדת בבתי מרזח יהודיים, ואז היו מתחילות, כרגיל, תגרות דמים. היהודים היו סוגרים את בתי המרזח, ובשוק וברחובות היתה מתחוללת מלחמה בין שני מחנות יריבים שהשתמשו באבנים, יצולים וסכינים. לבסוף היתה באה המשטרה והמתקוטטים היו חוזרים לכפריהם, פצועים בראשיהם ופניהם. בהמשך רחוב זה השתרעו כרי דשא, עצים ותעלות מים, ולשם היה הנוער זורם בערבים ובשבתות לקרוא רומנים, ושם, בנוף נהדר זה, התחילו גם הרומנים בחיים.

ר'חוב לידה, זה רחוב בית הכנסת, בו גרו יהודים בלבד. ביתנו עמד בדיוק מול בית הכנסת. שם נולדנו אני, אחי ואחיותי. שם גדלנו וחונכנו. כל החויות הפוליטיות והפרטיות התרחשו בבית הכנסת. בקיץ לפני חלונות פתוחים, ובחורף על יד התנור החם, למדו דף גמרא. בשבתות וחגים היה גם הנוער מבקר בבית הכנסת, מי שבא לתפילה ומי לשמיעת חדשות.

דלות שררה בעיירתנו, שיהודיה היו חנוונים, חייטים, סנדלרים וסתם בטלנים; אבל היו יהודים יקרים.

את ראשית העברית שלי רכשתי מאבי ז״ל, שידע פרק בתלמוד, וכשלימד את תלמידיו גמרא בביתנו, רציתי גם אני להצטרף ללומדים אף על פי שהייתי עדיין ילדה קטנה.

לפני שנוסד בית הספר בעיירה, לימד המורה משה שמוקלר ז״ל בביתנו, וגם בבית רדונסקי היה מעין „חדר״ מתוקן, בו לימדו אותנו עברית. אחר־כך נוסד בית־הספר ולמדנו ב„עזרת הנשים״. המורה הדגול פיקובסקי ז״ל נטע בנו אהבה לתנ״ך ולימד אותנו עברית בעברית. המורה חיה ז״ל מלובץ׳ לימדה אותנו מטמתיקה וטבע. היו גם מורים לגרמנית ורוסית. בסוף שנת הלימודים קבלנו לאות הצטיינות, תמונות של סופרים יהודים או סיכת מגן־דוד. באמצע לימודי חלתה אמי וכעבור זמן קצר נפטרה ואנו נתייתמנו, ועדיין היינו אז ילדים קטנים.

זוכרת אני את השרפה הגדולה בה נשרפה מחצית עיירתנו, כולל בית הכנסת אשר נבנה לפני מאות שנים. גם הספריה של העיירה נשרפה. אולם אחרי השרפה באה אחדות, שכחו את ריב הרבנים ולאט לאט התאוששו; בנו בתים חדשים, נבנה בית כנסת מלבנים, וחיים חדשים, תרבותיים יותר צצו בעיירה. נוסד תיאטרון חובבים, ורעיון הציונות חדר ופשט בעיירה. אמנם עוד לפני כן נסעו מעיירתנו חלוצים לארץ־ישראל, חסמן ז״ל וצבי בלוך ז״ל. אולם אחר כך עלו לארץ־ישראל חלוצים רבים יותר. נוסד חדר קריאה, והתקיימו הרצאות, קריאות בציבור וכו׳, קודם בביתנו ואחר כך בבית לונד. מאוחר יותר יסדנו את „השומר הצעיר״. בין המיסדים היו לאה פפה (אחר כך נסעה לרוסיה), ינטה גולדשמידט, שרה מונקו, יהושע לונד, שכנוביץ, נפתלי וינשטין, אני ואחרים. היינו הקבוצה הבוגרת, ונקראנו „קבוצת חולדה״. יסדנו עוד קבוצה שעל חבריה נמנו אחותי שרה, ז״ל, פייקה אברמוביץ ז״ל, בובקה ז״ל, ותבדל לחיים ארוכים אלקה ואחרות.

שכרנו חדר אצל לייזער שמיד ז״ל, והיינו מנהלים שם שיחות, הרצאות ופעולות צופיות בהסתר מהמשטרה, כי רשיון לכך לא היה לנו. מההנהגה הראשית היו באים לבקרנו ולעודד אותנו.

ושוב נתיתמנו — מאבינו ז״ל. בפולניה שררה אז אנטישמיות. עזבתי

את פולניה ועליתי לארץ־ישראל. כשבאתי לארץ הרגשתי את החופש, למרות שהיינו תחת עול הבריטים. אני גאה עכשיו שהספקתי להביא את אחי ואחיותי מפולין, שמחתי שעמלי לא היה לשוא; הם השתרשו בארץ, והקימו משפחות בארץ כמוני. אשרנו הופר כאשר שיכלנו את אחותנו, שרה ז״ל.

לך, עיירתי ליפנישוק, מוקדשים זכרונות אלה, לך ההרוסה והטבוחה, שדמי יהודיך הישרים והתמימים שנהרגו ע״י פריצי חיות בצורת בני־אדם, זועקים מן האדמה.

**יהודה גינזבורג**

# זכרונות

אָט שטייסטו פאַר מיינע אויגן, מיין ליב, קליין שטעטעלע און איך זע דיר אינגאַנצן אַ לעבעדיקע. דעם ברייטן מאַרק מיט די הויכע, ווייסע קראָמען. עטלעכע גאַסן, עטלעכע שמאָלע געסעלעך און קליינע, איינגעבויגענע הייזלעך. איך זע זיי אַלעמען, ווי לעבעדיקע, די חשובה בעלי־בתים, למדנים, קרעמער, בעלי־מלאכות און סתם אָרעמע יידן.

שטענדיק פאַריאָגט און פאַרנומען מיט פרנסה־זאָרגן. אָט זע איך זיי אַרומלויפן לייען גמילות־חסדים איינער ביים צווייטן, האָפנדיג אַז דער מאַרק־טאָג אָדער דער יריד וועט ברענגען מערער פדיון און פרנסה. איך זע זיי ערב־שבת און ערב יום־טוב, ווען זיי היילן זיך פאַרמאַכן וואָס שנעלער די קראָמען, די וואַרשטאַטן און גייען אַ היים אָנטאָן די שבתדיקע זאַכן. דאַן פאַרגעסן זיי אַלע זאָרגן, און גייען געמיטלעך אין בית המדרש. אין דער זעלבער צייט הויבן אָן צו פינקלען די ליכט אין אַלע יידישע הייזער, וועלכע די פרויען האָבן אָנגעצונדן און געבענטשט לכבוד שבת. שבת פאַרנאַכט גייט מען שפּאַצירן אין די פראָסאַדעס. אויסגערוט, רויִק שפּרייזט מען מיט לאַנגזאַמע טריט מיט דער כוונה צו געניסן וואָס מער פון גאָטס וועלט אין פון דער שיינער נאַטור ווי אַ ייד קען נאָר פילן אין שבת קודש.

אַרום די יוגנד איז מערער לעבעדיק און פריילעך און די אַלגעמיינע שטימונג איז אַ יום־טובדיקע ביז עס ענדיקט זיך דער שבת און עס קומט אָן אַ נייע וואָך מיט נייע דאגות און זאָרגן.

צו געדיינקט איר נאָך די פראָסאַדעס, דעם קליינעם טייכל און די אַלעען? די צוויי לאַנגע שורות בוימער אונטער וועלכע די יוגנד פון שטעטל פלעגט פאַרברייינגען אין די שיינע און וואַרעמע טעג און אין די זילבערנע לבנה־נעכט? צי געדענקט איר די ברייטע, גרינע פעלדער און דעם וועלדל אין וועלכן מיר פלעגן גיין שפּאַצירן ל״ג־בעומר מיט די לערער, און שפּעטער פלעגן מיר דאָרטן רייסן ניס און קלייבן שוועמלעך?

דאָס אַלעס איז פאַרשוואונדן אויף אייביק און קיין יידישע פוס וועט שוין דאָרטן מער קיינמאָל ניט טרעטן.

## אַ יריד־טאָג

אָט שטיי איך אַלס ייִנגל אין מיטן מאַרק אין אַ גרויסן יריד־טאָג. דער גאַנצער מאַרק איז פֿול מיט פֿויערן, וועגענער און פֿאַרשיידענע סוחרים, פֿון די אַרומיקע שטעטלעך וועלכע רעקלאַמירן זייערע סחורות.

איוויער גאַס איז געווען דער שטענדיקער פּלאַץ פֿון דעם פֿערד־מאַרק. קאַניוכעס, פֿערד־סוחרים און ציגײַנער מיט די בײַטשן אין די הענט שרײַען בקולי קולות. מען קוקט די פֿערד אין די ציינער, מען פּרובירט זיי אויס אין לויפֿן, מען פּאַטשט אײנער דעם צווייטן אין די הענט, מען דינגט זיך, ביז מען ענדיקט ענדלעך די טראַנזאַקציע און מען פֿאַרקויפֿט דעם פֿערד.

לידער גאַס, ניט ווײַט פֿון בית המדרש איז געווען דער מאַרק פֿון די בהמות. קצבים מיט רויטע פּנימער און הויכע שטיוול, וועלכע זײַנען געקומען פֿון לידע און אַנדערע שטעטלעך, דרייען זיך אַרום די בהמות, באַטראַכטן זיי און פֿירן אונטערהאַנדלונגען מיט די פֿויערן. ענדלעך קומט מען אַדורך מיטן פּרייז. מען פּאַטשט אַרײַן אין די הענט, און דער קצב שלעפּט אַרויס פֿון בוזם־קעשענע אַ בינטל פּאַפּירענע געלט און באַצאָלט דעם פֿויער דעם באַשטימטן פּרייז. דאַן גייט מען צוזאַמען אין שײַנק אַרײַן טרינקען אַ פּאָר גלעזלעך און פֿאַרבײַסן מיט אַ לעבל שיטניצע (האַלב ווײַסע ברויט) און אַ פּאָר צעשניטענע געזאַלצענע הערינג. די שײַנקען און די קראָמען פֿלעגן אין אַזאַ טאָג גוט לייזן.

מיר, קינדער, פֿלעגן אין אַזאַ יריד־טאָג אַרומלויפֿן פֿון איין פּלאַץ צום צווייטן און זיך צוקוקן ווי אַזוי מען פֿאַרקויפֿט די פֿערד, די אָקסן און ווי אַזוי די צעגײַנער פֿירן די אונטערהאַנדלונגען מיט די סוחרים.

פֿאַרנאַכט, ווען עס הויבט אָן ווערן טונקל, הויבן אָן אַלע זיך צו אײַלן אַהיים. דער פֿויער מיט זײַן פֿערד און וואָגן אויף וועלכן עס געפֿינען זיך די פּראָדוקטן און סחורות וואָס ער האָט אײַנגעקויפֿט אין שטעטל, די פֿערד־סוחרים און די קצבים בינדן צו און טרײַבן זייערע אײַנגעקויפֿטע לעבעדיקע סחורה און פֿאַרלאָזן מיט רעש און טומל דאָס שטעטל. עס קומט אָן די נאַכט, און עס ווערט שוין גאַנץ פֿינצטער. די לעצטע פֿויערים פֿאַרלאָזן דאָס שטעטל מיטשלעפּנדיק מיט זיך עטלעכע שכורים, וועלכע וואַקלען זיך אויף זייערע פֿיס און זינגען הויך פֿאַרשיידענע לידער. ווידער ווערט רוהיק, ווי נאָך אַ יריד, אין שטעטל און יעדער ייִד, יעדער שײַנקער און יעדער

קרעמער מאַכט זיין באַלאַנס וויפל ער האָט געלייזט אין דעם טאָג, און צי עס איז געווען אַ גוטער אָדער אַ שלעכטער יריד.

## פסח אין שטעטל

אָט זע איך דיר מיין ליב און קליין שטעטעלע, ווי דו שטייסט אויף פון ווינטער־שלאָף. די זון בעווייזט זיך שוין אָפטער און וואַרעמט צו אַ ביסל מער. דער שניי הייבט אָן צו גיין, און אויף די פעלדער באַווייזן זיך, ווו ניט ווו, שוואַרצע פּאַסן ערד. עס דערנענטערן זיך די טעג פון חודש ניסן און דאָס שטעטל הויבט זיך אָן גרייטן צום פסח. די ערשטע און וויכטיקסטע זאַך איז מצות. עס ווערט טומלדיק אין שטעטל און לעבעדיק אין די פּאָדראַטן ווו מען באַקט די מצות. וועלגערקעס, רעדלער און זעצער, אַלע לויפן, אַלע אַרבעטן או אַלע רעדן. די גאַנצע נייעס און רכילות פון שטעטל ווערן גוט באַרעדט ביים וואַלגערן די מצות. פאַר די יוגנד אין שטעטל איז די צייט פון מצה־באַקן געווען אַ פריילעכע און אינטערעסאַנטע תקופה פון יאָר. מיר, קינדער, פלעגן זייער ליב האָבן דעם יום־טוב, און איבער־הויפּט די טעג פון ערב פסח. אַ וואָך פאַר יום־טוב פלעגט מען אונדז שוין באַפרייען פון „חדר". מיר האָבן דאַן געהאַט צייט אַרומלויפן איבער די גאַסן און די פעלדער. מיר פלעגן זוכן אין די גערטנער חריין, וועלכער איז געווען אַ נייטיקער געברויך ביים פּראַוועז דעם סדר, און אויך אין די איבעריקע טעג פון פסח. מיר פלעגן לויפן פון איין פּאָדראַט צום צווייטן און זיך צוקוקן ווי מען באַקט די מצות. די גרעסערע קינדער פלעגט מען שוין דערלויבן רעדלען די מצות און די יונגערע קינדער פלעגן קוקן אויף זיי מיט קנאה. נאָכן אַריינברענגען די מצות אין שטוב און נאָך נויטיקע פּראָדוקטן, וואָס יעדער כשרער ייד דאַרף האָבן אויף פסח, האָבן זיך אָנגע־הויבן די לעצטע צוגרייטונגען צום יום־טוב. ערשטנס האָט מען אָנגעהויבן שטויסן מצות אין אַ הילצערנע שטופּע. נאָכדעם פלעגט מען איבערזיפּן די צעשטויסענע מצות און אָפּטיילן די מצה־מעל פון די פאַרפעלעך. דעם לעצטן טאָג פאַר פסח פלעגט מען כשרן די כלים מיט הייסע אָנגעברענטע שטיי־נער. ערב פסח אין דער פרי פלעגן מיר שנעל ענדקן עסן דעם לעצטן מאָל חמץ, און שפּעטער פלעגן מיר, עטלעכע יינגלעך צוזאַמען, מאַכן אַ פייער אויפן פעלד, און פאַרברענען דעם חמץ, וועלכער איז באַשטאַנען פון

עטלעכע שטיקלעך ברויט אין אַ הילצערנע לעפל, אַרומגעבונדן מיט אַ ווייסע שמאַטקע, וועלכע די עלטערן האָבן צוזאַמען געקליבן מיט אַ נאַכט פריהער ביי בודק זיין דעם חמץ אין שטוב. מיט גרויס חשק פלעגן מיר העלפן צוגרייטן אַלץ צום סדר. פאַרנאַכט פלעגן מיר אָנטאָן די יום־טובדיקע קליידער און זיך גרייטן גיין מיט די עלטערן אין שול אַריין. אין בית המדרש איז געווען פייערלעך און ליכטיק. עס האָבן געברענט אַלע הענג־לאָמפן און די פייערלעכע שטימונג איז ממש געווען אויסגעגאָסן ביי אַלעמען אויף די פנימער. די קינדער פלעגן אַרום־לויפן צווישן די שורות און אָנקוקן איינער דעם צווייטנס נייע קליידער און שיך מיט וועלכע מיר פלעגן זיך באַנייען לכבוד יום־טוב.

קומענדיק פון בית המדרש איז שוין אַלץ געווען גרייט צום סדר. דער טיש איז געווען באַדעקט מיט אַ ווייסע טיש־טוך אויף וועלכן עס זענען געווען אויסגשטעלט טעלער און פלעשער מיט וויין. אויבן אָן זענען געלעגן מצות צוגעדעקט מיט אַ קליין ווייסע טיש־טיכל און די חרוסת, חריין, אָפגעשיילטע האַרטע אייער און נאָך פאַרשידענע זאַכן זענען געווען אויס־געשטעלט אין טעלערלעך לענג אויס דעם טיש. דער טאַטע האָט זיך געזעצט אויבן אָן, אָנגעשפּאַרט אויף אַ קליין קישעלע און נאָכדעם האָבן מיר זיך אויסגעזעצט אַרום דעם לאַנגן טיש און געוואַרט מיט אונגעדולט ביז דער סדר וועט זיך אָנהויבן. נאָך די ערשטע ברכות און נאָך „הא לחמא עניא" פלעגט דער יונגסטער אין דער משפחה פרעגן די ארבע קושיות, און דער טאַטע פלעגט ענטפערן מיט אַ האַרציקן ניגון „עבדים היינו לפרעה במצרים" און די גאַנצע משפחה פלעגט מיטזינגען די הגדה מיט גרויס התלהבות. אונדז, קינדער, האָבן אינטערעסירט ביים סדר דריי זאַכן: די קניידלעך, דער אפיקומן, און אליהו הנביא'ס בעכער. דער טאַטע פלעגט באַהאַלטן דעם אפיקומן און מיר פלעגן אים זוכן אין אַלע ווינקלעך פון צימער, ביז מיר פלעגן אים געפונען און ווי גרויס איז געווען אונדזער פרייד! דער טאַטע פלעגט דעם אפיקומן אויסקויפן ביי אונדז פאַר אַ פּאָר גראָשן וועלכע ער פלעגט אונדז געבן נאָך יום־טוב. מיט וואָס פאַר יראת הכבוד מיר פלעגן קוקן אויף אליהו הנביא'ס בעכער, וועלכער איז גע־שטאַנען די גאַנצע צייט אָנגעפילט מיט וויין. אָנגעשטרענגט און אונגעדול־דיק פלעגן מיר וואַרטן ביז מען האָט געעפנט די טיר פאַר אליהו הנביא. אָט, דאַכט זיך, הערן מיר זיינע טריט, ווי ער דערנעענטערט זיך צום טיש

און טרינקט דאָס ווײַן פון זײַן בעכער. ענדלעך זענען מיר שוין געוואָרן מיד פון די אַלע איבערלעבענישן אין פאַרלויף פון גאַנצן טאָג און איבער־הויפּט פון דעם „סדר״ בײַנאַכט, אונדזערע אויגן פלעגן זיך לאַנגזאַם אָנהויבן צומאַכן און די מאַמע פלעגט אונדז לייגן שלאָפן. ווי דורך אַ חלום פלעג איך נאָך הערן דעם אַנגענעמען ניגון פון דער הגדה, וועלכע דער טאַטע פלעגט פאַרזעצן זינגען נאָכן עסן. ווי פון ערגעץ ווײַט, זייער ווײַט פלעגן נאָך קלינגען אין מײַנע אויערן די ווערטער „כי לו נאה... כי לו יאה...״, „חד־גדיא... חד־גדיא...״ און פלעגן זיך אויסמישן מיט די טרוימען וועגן אליהו הנביא׳ס געשטאַלט. ווי אַזוי ער גייט אַרײַן לאַנגזאַם דורך דער אָפענער טיר, אָנגעטאָן אין ווײַסע קליידער מיט זײַן לאַנגע און ווײַסע באָרד, ווי אַזוי ער דערנענטערט זיך צום טיש, באַטראַכט אַלעמען מיט זײַנע גוטע און קלוגע אויגן, פאַרזוכט פון זײַן בעכער ווײַן און גייט לאַנגזאַם אַרויס פון שטוב.

מיר, ייִנגלעך, האָבן געהאַט פּסח נאָך אַ גרויס פאַרגעניגן און דאָס איז געווען דאָס שפּילן אין ניס. מיט טערקישע ניס פלעגן מיר שפּילן אין גריבלעך אויפן שול־הויף, און מיט וועלשענע ניס אין דער אַלטער ווײַבער־שער שול. דעם אמתן טעם פון שפּילן אין ניס קען נאָר פילן דער, וואָס האָט זיך געקייקלט אויף די קניה פאַרשוויצטערהייט, און האָט מיטגע־שלעפּט פולע קעשענעס מיט ניס. אָפטמאָל פלעגן די קעשענעס אויך זײַן ליידיק פאַרלירנדיק די גאַנצע ניס, אָבער עס איז ניט געווען וויכטיק. אַ מאָל געווינען, אַ מאָל פאַרלירן, די הויפּט זאַך און דער הויפּט געשמאַק איז געווען דאָס שפּילן אין ניס און דאָס פלעגן מיר מאַכן מיטן גאַנצן האַרצן און מיט אונדזער גאַנצן וועזן. צי געדענקט נאָך ווער פון אײַך דעם זיסן טעם פון שפּילן אין ניס? ווו זענט איר איצט די אַלע מיט וועלכע איך האָב פאַרבראַכט די בעסטע קינדער־יאָרן אין ליפּנישאָק?

מיר זענען פאַרבליבן איינצלנע, אַ קליין הייפעלע, וועלכע געדענקען נאָך און טראָגן מיט זיך די זכרונות פון אונדזערע קינדער־יאָרן, **פון** אונדזערע חברים וועלכע האָבן ניט זוכה געווען צו זײַן מיט **אונדז און** שרײַבן זכרונות וועגן אונדזער קליינע און טײַערע **שטעטעלע ליפּנישאָק.**

בנימין זינגער, אַמעריקע

## די יידישע זעלבסטשוץ אין ליפּנישאָק

ווען די דייטשן האָבן זיך געגרייט צו פאַרלאָזן אונדזער שטעטל, האָבן די פּאָליאַקן, אונדזערע שכנים און אויך פון די אַרומיקע דערפער, זיך געקליבן צו מאַכן אַ פּאָגראָם. מען האָט זיך שוין איינגעטיילט מיט יידישע הייזער און פאַרמעגן; דער וועט נעמען דעם מויער, און דער וועט נעמען דאָס הויז. מיר, יונגוואַרג מיט שמואל־חיים בערדאָווסקי, האָבן געהאַט אַ פאַרזאַמלונג און האָבן באַשלאָסן צו אָרגאַניזירן אַ זעלבסט־שוץ און אַז די שטאָדט זאָל געבן געלט אויף געווער. ביי די, וועלכע האָבן ניט געוואָלט געבן קיין געלט, האָבן מיר אויפגעהאַנגען אַ שלאָס אויפן קראָם און זיי האָבן געמוזט געבן. דאָס אַלעס האָט געמוזט געמאַכט ווערן אין געהיים. איך אַליין בין אַרויף שבת אויף דער בימה אין בית המדרש און האָב אויסגערופן בזה הלשון: „אויב עס וועט זיך געפונען פון אונדזערע יידן איינער, וואָס וועט מוסרן, וועלן מיר אים דערשיסן. איך בין דאַן געפאָרן מיט צבי בלוך (ידידיה) אין באַגדאַנעוויע, און איינגעקויפט רעוואָלווערן און ביקסן.

צוויי וואָכן זענען מיר געווען אין אַ רעגירונג. מיר האָבן אויך געוואָרנט אונדזערע שכנים אַז אויב זיי וועלן אָנפאַנגען ראַבירן, וועלן מיר זיך פאַרטיידיקן, ווייל מיר האָבן געווער און מיר וועלן אויך אונטערצינדן די גאַנצע שטאָט פון אַלע זייטן. מיר האָבן אויך געבעטן דעם גלח פון שטאָט אַז ער זאָל אין קלויסטער באַרויִקן די מעשטשאַנעס פון שטעטל און פון די דערפער. מיר האָבן זיי אויך געגעבן 6 ביקסן צו פאַרטיידיקן זיך פון רויבער וואָס וועלן אָנקומען פון די דערפער. דאָס הייסט, מיר האָבן געמאַכט אַ אייגענע מיליציע.

אין שול איז אויך געלעגן אַ סך קאָרן, וואָס די דייטשן האָבן קאָנ־פיסקירט ביי די פויערים אין שטעטל און מיר האָבן זיי געגעבן דאָס רעכט צו נעמען וואָס מען האָט ביי זיי צוגענומען. די איבעריקע קאָרן האָבן מיר געשאָטן אין זעק און צושפּרייט אין יידישע הייזער. יעדע זאַך איז געמאַכט געוואָרן מיט חשבון.

אין איינע פון די קראָמען איז געווען אַ וואַגאָן זאַלץ. מיר האָבן



קבוצה של חברי „השומר הצעיר" בליפנישוק בכינוס ביער ליפנישוק
אַ גרופע פון ליפנישקער מיטגלידער פון „השומר הצעיר"
אויף אַ צוזאַמענפאָר אין וואלד

געעפנט די קראַם און פאַרקויפט 10 פונט זאַלץ יעדן איינעם, וואָס האָט געוואָלט קויפן. אונדזער מיליציע האָט געהיט די קראָמען און האָט אַכטונג געגעבן, אַז מען זאָל ניט ראַבירן. צבי ידידיה ע"ה, איז געגאַנגען סילוועסטער אין קלויסטער און האָט געוואָלט הערן וואָס דער גלח וועט רעדן.

מיר האָבן באַשלאָסן, אַז אויב מען וועט בלויז רויבן וועלן מיר ניט עפענען קיין פייער; אָבער אויב עס וועט חלילה, ווער פון אונדזערע יידן דערמאָרדעט ווערן, דאַן וועלן מיר ענטפערן מיט פייער. מיר האָבן געהאַט אויסקוקערס (ראַזוויעטשיקעס) אין אַלע 4 עקן פון שטאָט, טאָג און נאַכט, אויף פערד, מיט פלעשער גאַזאָלין. אויב די פויערים פון די דערפער וועלן קומען ראַבירן, דאַרפן די אויסקוקערס רייטן שנעל צו זייערע שייערן און זיי אונטערצינדן. דאַן וועלן די פויערים לויפן צוריק אין דאָרף אַריין. אויב איינער פון אונדז וועט זען ווי די פויערים קומען אָן פון די דערפער, דאַרף ער אויסשיסן אין הימל אַ ראַקעטע, וואָס באַלייכט. דאַן דאַרפן מיר

אַלע מיליציאַנטן אָפּציילן ביז 20, און אַלע מיט אַ מאָל, ווער מיט אַ ביקס, ווער מיט אַ האַנט־גראַנאַט, אויסשיסן צוזאַמען.

ויהי בחצי הלילה, שמואל־חיים ע״ה, אונדזער קאָמאַנדיר, איז געגאַנגען אויף וואַך אין דער ריכטונג פון לידער וועג און האָט באַמערקט ווי עס גייען 3 פויערים ניט מיטן גלייכן וועג, נאָר ביים זייט, מיטן פעלד. „קטאָ טאַם?״ (ווער איז דאָרט?) שרייט ער אויס, „סטרעליאַט בודיעם״ (מיר וועלן שיסן). „נאַשיע, נאַשיע״ (אונדזערע, אונדזערע) ענטפערן זיי און קומען אַרויס מיט זעק אויף די הענט. ער האָט זיי געהייסן צוריק גיין אין דאָרף, ווייל מיר האָבן אָנגעזאָגט אין די דערפער, אַז ביינאַכט טאָר קיינער ניט קומען אין שטאָט. שמואל־חיים האָט אויך געהערט דאָס פאָרן פון וועגענער, אַזוי ווי צו אַ יאַריד. דאַן האָט ער אויסגעשאָסן אַ ראַקעטע און נאָך אים האָבן אַלע מיליציאַנטן אויסגעשאָסן מיט אַ מאָל, אַז די שטאָט האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. נאָכדעם האָט מען שוין געהערט ווי די זעלבע וועגענער זענען צוריקגעפאָרן אין די דערפער.

אַזוי האָבן מיר אָפּגעהיט דאָס שטעטל ביז די פּאָליאַקן זענען אַריין און מען האָט זיי געמוזט אָפּגעבן דאָס געווער. צוויי יידן זענען ערמאָרדעט געוואָרן דורך די פוילישע סאָלדאַטן ווען זיי זענען אַריין. איך אַליין בין געוואָרן אַ מיליציאַנט ביי די פּאָליאַקן, און אלי־אברהם בלילה איז אויך געווען אַ מיליציאַנט.

דאָס איז אַלעס וואָס איך געדענק און קען איבערגעבן וועגן דער יידישער זעלבסטשוץ אין ליפּנישאָק נאָך דער ערשטער וועלט־קריג און קען נאָר צוגעבן, אַז אַ דאַנק דעם זעלבסט־שוץ זענען דאַן געראַטעוועט געוואָרן די יידן פון אַ זיכערן פּאָגראָם.



קבוצת צעירים בסירה בנהר ליפנישוק על־יד האחוזה
אַ גרופּע ליפּנישקער יוגנד אין אַ שיפל נעבן ליפּנישקער הויף



אבנר לוין

## השריפה הגדולה בליפנישוק בשנת 1926

היה זה לילה חם ונאה, אחד מלילות חודש אב הנעימים. החשכה השתלטה על העיירה ועל סמטאותיה הצרות. האורות בחלונות של בתי העץ הנמוכים כבו בזה אחר זה. רק פה ושם עוד הבהב אור באחדים מבתי העיירה השקועה בשינה עמוקה לאחר יום עמל קשה. דממה שררה בכל; רק שקשוק המים מרחוק, שחדרו דרך שסתומי הגשר והשתפכו בקול עמום לעברו השני של הנחל, ציוץ צפרים מעל עצים והדי צעדים בודדים על אבני הרחוב הדומם, הפריעו את השקט. צעדתי לרוחב השוק הגדול והמרוצף באבנים, והתקדמתי לעבר ביתי. השעה היתה מאוחרת. פתחתי בשקט את הדלת, נכנסתי לחדרי ואחרי רגעים ספורים כבר ישנתי במיטתי הסמוכה לחלון. פתאום העיר אותי רעש משונה בבית וצעקות עמומות מבחוץ. התרוממתי ממשכבי והסתכלתי מבעד לחלון החוצה. השמים והעננים קבלו גוון אדמדם. הבינותי מיד — שריפה בעיירה. בינתיים גברה המהומה בחוץ. אנשים עברו־חלפו בריצה ברחוב וצעקו בלי הרף: הצילו, בוער, הצילו, בוער! לפני שהספקתי לקפוץ מהמיטה, פתחה אחותי את הדלת וצעקה: אבנר, קום מהר, שריפה בעיירה, וכנראה לא רחוק מביתנו! התלבשתי מהר וקפצתי החוצה. רצתי לכוון השריפה והנה ראיתי את ביתו של הרוקח קרוכמלניק כולו אפוף להבות. אנשים התרוצצו מסביב חסרי אונים, וניסו לכבות את האש בדליי מים ששאבו מהבאר שנמצאה במרחק־מה מן הבית הבוער. הבינותי שהסכנה גדולה, שהאש עלולה להתפשט לכל הכוונים, וחזרתי מיד הביתה. אמי והילדים מסתובבים ובוכים, ואבי מתרוצץ נרגז ומתחיל לסחוב כל דבר שרק ניתן להוציא מן הבית. לאחר ההלם הראשון נרגעו כולם ובכוחות משותפים התחלנו לארוז את החפצים ולהוציאם החוצה, לאמצע השוק. חיה, אחותי הקטנה, אשר שיניה נקשו זו לזו בלי הרף מרוב פחד והתרגשות, שמרה על החפצים, ואנו רצנו הלוך וחזור וסחבנו חפצים החוצה. הוצאנו את המצעים ואת הכסאות מכל החדרים, את השולחנות הקטנים, את כלי המטבח ואת מצרכי המזון המאוחסנים בארונות המטבח. לבסוף הוציא אבא את הפרה ואת הסוס מן הרפת והתרחקנו מן הבית, כשכל הבתים סביבו כבר היו אחוזי להבות. בינתיים

הספיקו להגיע למקום השריפה יהודים ואכרים מכל קצות העיירה. האש הלכה והתפשטה והאנשים הצטופפו סביב בתיהם והתחננו שיעזרו להם להוציא חפצים מהבתים ולהתיז מים על המקומות שבהם כבר אחזה האש.

המהומה הלכה וגברה. בכי של ילדים ונשים, צעקות, פקודות וקללות, בליל של קולות. אנשים רצים סתם הלוך וחזור מתוך חוסר אונים וישע. בינתיים גברה הרוח, והעיפה גיצי אש לכל הכוונים, שהציתו גגות עץ וקש נוספים. החום מסביב היה קשה מנשוא. סוף סוף הגיעו גם מכבי האש של העיירה, שרובם היו גויים ולא מהרו כלל להכנס לפעולה בשריפה שפרצה בבית יהודי. למכבי האש בליפנישוק היתה מכונת כיבוי אחת, פרימיטיבית מאד, שאת המשאבה שלה הפעילו בידיים, ואשר שאבה את המים מחביות שהעמידו בצידה. יעילותה היתה מועטת בגלל צנור המים הדק ולחץ המים החלש. בכל זאת הגיעו המים בעזרתה למרחק רב ולגובה מסוים, אשר לא ניתן כלל לעשות בידים, בעזרת דליי מים. לאט, לאט התארגנה פעולת ההצלה והכיבוי. נוצרה שרשרת של אנשים, אשר העבירו דליי מים מיד ליד, מהבאר ועד החביות, שהועמדו קרוב למכונת הכיבוי. פעולתם העיקרית של מכבי האש היתה לאתר את האש. הם התחילו להתיז מים על גגות הבתים שהאש עוד לא אחזה בהם, אבל זרם המים החלש שפרץ מהצנור הדק לא הספיק להרטיב את הגגות ואת קירות העץ שיהיו מסוגלים לעמוד בפני החום העצום וגיצי האש שהרוח העיפה לכל עבר. האש אחזה בבית אחר בית והתברר, שרק מרחק ורווח גדול בין הבתים יוכל לעצור את השריפה.

תוך זמן קצר הגיעה האש עד לביתנו ולביתו של אייזיק שמעיה׳ס, שהיו צמודים זה לזה. כשהאש החלה ללחך את גג ביתו, עלה עליו אייזיק והתחיל לכבות את האש במו ידיו. הוא התרוצץ לכל אורכו של הגג המשופע, וכיבה בשק, שהחזיק בידיו כל מקום, שהתחיל לבעור. זו היתה תמונה מזעזעת לראותו כך מתהלך על הגג וצועק: „יידן, האָט רחמנות, גיט מיר אביסעלע וואַסער. מיט אַ ביסעלע וואַסער קען איך אָפּלעשן דעם פייער, יידן, העלפט מיר״. אולם תחנוניו היו לשוא. וכי מי באמת יכול היה לעזור במצב כזה? רוב היהודים היו טרודים בצרותיהם הם, ואלה שבאו מרחובות מרוחקים לא יכלו להגיע אליו עם דליי המים, שסחבו בידיהם. גרונו של אייזיק נחר מרוב צעקות ותחנונים. כולו נרגש ומשולהב, כלל לא הרגיש את החום הכבד סביבו. האש גברה והתפשטה והוא עדיין מתרוצץ על הגג וממשיך

להלחם באש בידיו הריקות. איזה דבוק נכנס באייזיק, צעקו האנשים מסביב. אייזיק רד! הגג עלול להתמוטט, רד! אתה עצמך עלול להשרף! אבל אייזיק לא הקשיב כלל לאזהרות הקהל, והוסיף להתרוצץ על הגג עד הרגע האחרון, עד שהאש כבר אחזה בכל קצות הגג והלהבות פרצו אל על. רק אז קפץ מהגג, רץ פנימה לתוך הבית והתחיל לסחוב חפצים החוצה.

ביתנו וביתו של אייזיק הצמוד עלו שניהם באש, שהמשיכה להתפשט בשלושה כוונים: לרחוב איביה, לרחוב לידה ולרחוב הכנסיה. היות והשריפה פרצה בחודש אב, כלומר בתקופת השיא של חום הקיץ, כאשר גגות העץ והקש התיבשו והיו דליקים ביותר, היתה מלאכתה של האש קלה, ואילו מלאכתם של מכבי האש היתה, להיפך, קשה ביותר. די היה בכמה גיצים, או אף בחום הגדול בלבד, להבעיר את הבתים הסמוכים זה לזה אחד אחרי השני מבלי שתהיה כל אפשרות להצילם. השריפה השתוללה כל שעות הלילה ושככה רק בשעות הבוקר המוקדמות, בהגיעה לקצה רחוב או לבית המרוחק ממנה מרחק ניכר. בשריפה זו נפגעו כל הבתים בצדו הצפוני של רחוב איביה עד לסימטת כר־המרעה ועד לביתו של האכר קילצ׳בסקי, בצדו המזרחי של רחוב לידה, יחד עם בית המדרש ובית־הכנסת הישן עד לביתו של זליג רדונסקי ומצד מערב עד רחוב הטחנה. זו היתה השריפה הגדולה ביותר בליפנישוק מזה שנים רבות ורכושם הדל של רוב יהודי ליפנישוק עלה אותו לילה בלהבות.

השחר הפציע, ולאורו של יום יפה ובהיר נתגלתה תמונה קודרת: השוק הגדול היה מכוסה ערמות של חבילות ורהיטים ועל ידם ישבו המשפחות, שפופות גב, מדוכאות וחרדות ליום המחר המחכה להם. אותו יום מחר היה חמישי בשבוע, יום השוק בעיירה, לו מחכים יהודי העיירה כל השבוע ואשר בו מתכנסים איכרי הסביבה למקח וממכר. גם אכרי הסביבה נדהמו מגודל האסון שפקד את העיירה. הם סדרו את עניניהם בחפזון וחזרו לכפריהם.

לאחר, שהיהודים התאוששו במקצת, התחילו לחפש מקומות מגורים עד שיבנו את בתיהם מחדש. ההיענות של שאר יהודי ליפנישוק, שבתיהם לא נשרפו, היתה גדולה. הבתים בליפנישוק לא הצטיינו בגודלם ובמספר החדרים שבהם, ובכל זאת נמצא מקום ברוב הבתים לכל „הנשרפים״, והחיים האפורים בעיירה חזרו למסלולם הרגיל.

חיי החברה באיביה הצטמצמו ונזונו רק מקריאה מועטת ומשמועות. הגיעו לאזנינו שמועות שונות על המצב בחזית ועל גורלנו אנו בעתיד. סכנת המוות, שרחפה מעלינו היתה ידועה לכולנו, אבל היתה סברה, שרק על ידי עבודה נקנה את חיינו ואם נהיה פרודוקטיביים, נשאר בחיים. על בתי ספר ועל לימודים בכלל לא חלמנו והס מלהזכיר דברים אלה. כל אחד השתדל לעבוד ועד כמה שניתן, במקום טוב. אני זוכר, שאבי, המורה פייקובסקי, יצחק אבילביץ ועוד יהודים עבדו בבית־חרושת לצמר. תפקידם היה לסובב את המכונות, ואת הצמר היו מוסרים יום יום לגרמנים.

נפוצו שמועות על „שחיטה" ההולכת ומתקרבת. הגיעו אלינו שמועות על גורל יהודי לובץ' ועיירות אחרות ושבמקומות אחרים רצחו רק את הזקנים. בדרך כלל האמינו רק במה שרצו להאמין ומה שהיה רצוי להם בעת צרה ורעה. וכי מה נשאר להם עוד, פרט לתקוה הקלושה שבהם לא תפגע הרעה, שבאיביה לא יקרה מה שקרה בעיירות אחרות. לכן גם לא עלה אף פעם הרעיון לברוח ליער וכך — להנצל.

החיים בגיטו, אם בכלל אפשר לקרוא למצב זה „חיים", זרמו במסלולם הרגיל עד חודש מאי. ביום ששי ה־8 במאי התעוררנו כרגיל כדי לצאת לעבודה, והנה אין הדברים בעיירה כתמול שלשום. יותר מדי שקט בחוץ. בכל קרן רחוב ובכל פינה מסתובבים שוטרים ואנשי ס.ס. מזוינים. הסתכלתי מבעד החלון, והנה הבחין בי אחד הגרמנים. הוא רץ אלי, איים עלי ברובה וצעק שאסור אפילו להסתכל מבעד לחלון. הבינונו שהנה יפקוד גם אותנו אותו אסון שפקד את יהודי העיירות האחרות שבסביבה. ברחובות לא רואים נפש חיה, פרט לשומרים עלינו. כולנו כלואים בבתים. כך חלפו יומיים, ורק ביום ראשון לפנות ערב הרשו לאיש אחד מכל בית לצאת החוצה ולשאוב דלי מים. אחותי, שיצאה החוצה להביא מים, נפגשה על יד הבאר עם יהודים נוספים מאיביה, ושם נודע לה על האסון הגדול, על השחיטה הגדולה שבוצעה על ידי הגרמנים בלידה באותו יום ששי, בו הקיפו הגרמנים את הגיטו שלנו וכלאו אותנו בבתים. הגרמנים הפיצו שמועה כוזבת ומתוכננת, שבלידה נרצחו רק 500 יהודים, זקנים ונכים. לנו היה ברור שגם באיביה יהיה כך. היהודים התחילו לחפש ולתכנן מקומות סתר ומחבוא. בבית השכן, בו היה מרתף עמוק, גרו שמחה יואל ומשפחתו. בלילה עברנו לביתם וחלקנו את המרתף לשניים ע"י קיר מאבנים ועפר. החלק השני, המוסתר היה צריך לשמש

כמקום מחבוא לכולנו. והיה אם הגרמנים יחפשו אותנו במרתף, יסתפקו אולי בחיפוש בחלק הראשון שלו. ביום שני בבוקר, כרגיל, שקט ושלוה. רק השומרים מסתובבים. לא יודעים מה עלול לקרות בעוד דקה, אבל הלב מנבא רעות. אחרי הצהריים מגיעות כמה מכוניות עם תוספת משטרה וגרמנים. המשטרה היהודית מתרוצצת וקוראת לגברים לבוא אתם. מביתנו יוצאים אני ואחי, ויחד עם עוד כמאה אנשים לוקחים אותנו לסטנוביץ לחפור בורות. בהגיענו בחזרה, עם גמר החפירות, אנו מחליטים סוף סוף לרדת למרתף ולהתחבא בו. כל משפחתנו ומשפחת אבילביץ מתכנסים בחלק המוסתר של המרתף, ושכן טוב שהחליט לא להסתתר אתנו ביחד, כסה אותנו והסוה את הכניסה. לאחר שעה בערך הגיע אלינו אותו שכן והודיע בשמחה, שהנה התאספו כל היהודים ברחוב השוק, וגרמני אחד שהגיע מלידה נאם בפניהם והודיע שליהודים באיביה לא יקרה כלום. אמנם היה בלידה משהו אבל זה נגמר. וכדי לאמת את דבריו צווה להסיר את המשמר מסביב לגיטו כך שכולם יכולים לחזור לבתיהם ולהתכונן לעבודה ביום המחרת. הגרמנים הרשו גם להסתובב בלילה בחוץ. השמחה בעיר היתה גדולה. אנשים שהיו כלואים 4 ימים בבתים פרצו החוצה. כלם יצאו מהמחבואים וגם אלה שברחו מהעיר חזרו אליה. אנשים התחבקו התנשקו, ששון ושמחה, כאילו כבר הגיעה הגאולה.

לילה. עוד לא הספקנו להרדם כראוי, והנה רעש ומהומה ברחובות. הגרמנים מתפרצים לדירות, מוציאים את האנשים מהמיטות ממש ערומים, בכותנת לילה בלבד על בשרם, מגרשים אותם החוצה. צעקות, יללות ובכי והגרמנים מבצעים את פעולתם במהירות ובאכזריות. אור ליום ג' 12 במאי, גרשו הגרמנים את כולנו במכות ודחיפות לרחבת השוק. שם כבר מצאנו אלפי יהודים. משפחות משפחות ישבו על הארץ וציפו. מרחוק אנו רואים שעדיין ממשיכים לגרש מן הבתים ומביאים יהודים נוספים, אשר לא הספיקו להגיע בזמן. אנו מוקפים בשרשרת הדוקה של אנשי ס.ס., גסטפו וליטאים. מסביב שקט מדכא ודממה מבשרת רעות. כולנו שקטים, אדישים ומחכים. מחכים למה? אולי לסוף. אנו רואים איך שמצעידים משפחות משפחות לכיוון רחוב ברנדינר. לא עובר זמן רב והנה שומעים יריות מנשק אוטומטי. עכשיו הבנו כולנו, שהנה הסוף בא, הגיע הקץ. נגוזו כל החלומות ואפסה כל תקוה. הנה מובילים אותנו, את כולנו לטבח. גם אותנו מקימים מהארץ ומצעידים לכוון אותו

רחוב. שקט מוחלט. שום קול, שום צעקה. שלובי זרוע צועדות המשפחות, אחת אחרי השניה, בנחת, לאט לאט, מבלי להפריע לסדר המופתי. אסור לבכות, אסור לצחוק, אסור לפנות ימינה או שמאלה שמא תקבל דקירה בכידון או מכה בקת של רובה. כולנו ממושמעים וצועדים בשקט לקראת המוות. הגענו עד למקום שם עמדה קבוצה של רוצחים נאציים. אחד מהם הראה באצבעו את כוון צעדתן של המשפחות. באצבע אחת חרץ את גורלם של אלפי אנשים, מי לחיים ומי למוות. „גרדה־אוס" (ישר)! „לינקס" (שמאלה)! „רכטס" (ימינה)! אז עוד לא ידענו איזה כוון מוביל לחיים ואיזה למוות. לפנינו צועדת בת דודתנו גולדה מאישישוק עם משפחתה, ולה אומרים ללכת ישר, ולמשפחתנו הוא אומר לצעוד שמאלה. הנה התעלף אבי, מפני שהבין כנראה, את משמעות „הכוונים", ואנו סוחבים אותו אתנו שמאלה, סחיבה שהיתה מלווה מכות אכזריות של רובים על הראש. אנו רובצים כולנו ברחוב אחד. אינני יודע מתי ואיך הגענו הנה. החושים מבולבלים ומטומטמים. אנו שוכבים ומרחוק נשמעות יריות וצעקות מחרידות. עד שהתאוששנו במקצת ירד הערב ולפי פקודה קמנו והתחלנו ללכת לכוון הגיטו. כשחזרנו לבתינו ראינו רק אז את גודל אסוננו. מכל יהודי ליפנישוק נשארו אחרי הטבח הזה רק משפחות מועטות. באם זכרוני אינו מטעה אותי הרי נשארו אז לפליטה המשפחות הבאות: משפחתי ומשפחת דודי יחיאל לוין, וכן המשפחות: קרקלינסקי, פייקובסקי, אברהם־חיים מאירוביץ, השיל ויינשטין, ירחמיאל פלוטניק, ריזה זיסקינד, ירחמיאל שניידר, שמואל קנטרוביץ, צמח אברמוביץ, יצחק אברמוביץ, אלתר פייסחוביץ, יוסף רבינוביץ, יקותיאל רדונסקי, שמואל קיבילביץ, ואולי עוד כמה משפחות שאיני יכול להזכר בהן כיום. אחרי שחיטה זו הפרידו אותי בכח ממשפחתי והעבירו אותי לעבודה בקרסנה, ומשם ללידה. כל אותן המשפחות נשארו בגיטו איביה שנה נוספת, ומשם הובילו אותן בשנת 1943 לרוסיה, ושם נספו כולם, מי בבוריסוב מי בסמולנסק, מי במינסק, ומי במידניק. הבודדים מהם, שנשארו בחיים ספרו על גורלם האיום והמר.

אני נשארתי בלידה. שם פגשתי את צמח אברמוביץ. זה היה האחרון מיהודי ליפנישוק שראיתי אז ואשר ידע שאני מתכונן לברוח. דבריו האחרונים של הליפנישקאי האחרון שפגשתי אז עוד מהדהדים כיום באזני: "ברח בני ברח, אולי תשאר אתה בחיים ותספר את אשר קרה לכולנו!"

רוזה זיסקינד

# מיינע איבערלעבענישן

ליפנישאָק — אַ שטעטעלע אַ קליינס, אָבער אַ ריינס און אַ שיינס. אַפילו נאָך אַ רעגן איז ניט געווען קיין בלאָטע. אַ מאַרק — אַ רונדער ווי אַ טעלער, אַרום דעם מאַרק הייזלעך, ניט קיין שטאָקיקע, פון זיי האָבן אַרויסגעקוקט שיינע ווייסע פענצטער, וואָס מען האָט אַלע פרייטיק גערייניקט. נאָך מער האָט פאַרשענערט דעם מאַרק די שיינע הויכע קראָמען, וואָס אין גאַנצן געגנט איז ניט געווען אַזעלכע. פרעמד געקומענע מענטשן פלעגן זאָגן אַז נאָר די סוקיענציצעס אין קראַקאָוו זענען ענלעך. אין די קראָמען איז געווען, פאַרשטייט זיך, פאַרשיידן, ווו מער, ווו וויניקער. ווען ס׳איז געקומען דער שבת איז געווען די ריכטיקע רו; אָפּגעגעסן דעם טשאָלענט זענען אַלט און יונג געגאַנגען אין די פריסאַדעס. אַזוי האָט זיך געצויגן דאָס לעבן, ווען שווערער, ווען לייכטער, ניט ווויסנדיק וואָס עס ערוואַרט אַלעמען.

דער אויסברוך פון דער מלחמה, 1939, האָט אונדז גלייך געבראַכט מורא, אומעט און צעשטערונג פון געוויינלעכן לעבן. מיטן אַריינקום פון די סאָוועטן האָט זיך גלייך געענדערט דער האַנדלס-לעבן. ביי אונדז אין מאַנופאַקטור קראָם האָט מען אַוועקגעשטעלט צוויי דאָרפישע פויערים, זיי האָבן באַשטימט דעם פרייז פון דער סחורה, ניט אָפּטרעטנדיק פון דעם געגעבענעם פרייז. ניט יעדן טאָג איז די קראָם געווען אָפן. דאָס אַלץ איז געווען שווער אויסצוהאַלטן. ווען מיין ברודער פון מאָסקווע האָט מיר באַזוכט, האָט ער געזאָגט: „זינדיקט ניט, ס׳איז נאָך ניט אַזוי שלעכט״. אָבער באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דער גרויסער אומגליק. פלוצלונג האָט אויסגעבראָכן די סאָוויעטיש־דייטשישע קריג. מען האָט דערציילט, אַז באַלד קומען אָן די דייטשן. שרעקלעכעס האָט מען דערציילט. נאָר דאָס אַלץ האָט זיך ניט געלאָזט גלויבן און מען האָט געוואָלט פאַרטרייבן דעם געדאַנק וועגן מאַסן־מאָרדן, אָבער באַלד האָט מען באָמבאַרדירט דאָס שטעטל, און מיר זענען אַרויס פון די הייזער אין גאָרטן הינטער די בוימער. מיין שוועסטערס טאָכטער איז פאַרוווּנדעט געוואָרן אין האַנט פון אַ שראַפּנעל. מיר זענען אַוועק הינטערן שטעטל צו גוט באַקאַנטע גויים.

אָבער זיי האָבן פון אונדז ניט געוואָלט וויסן, און האָבן פֿאַרטריבן פון זייערע פעלדער, מיטן אויסרייד אַז צוליב אונדז יידן וועט מען פֿאַרברענען זייער ווירטשאַפט.

מיר האָבן זיך שווער געמאַטערט די פאָר טעג. די דייטשן זענען שוין געווען אין שטעטל. מיר האָבן געהערט פון אַ פאָר יידישע הרוגים: אייזיק שמעיה׳ס און אַ פרוי פון וויגאַן־געסל. די דייטשן האָבן אָנגעהויבן זוכן אין די יידישע הייזער און גענומען וואָס זיי איז געפעלן געוואָרן. אויך צו דעם האָט מען זיך צוגעוווינט. צו אונדז אין הויז האָט זיך אַריינגעקליבן אַ דייטשער דאָקטער מיט זיינע מיטהעלפער. מיר האָבן זיי גוט באַדינט און דער דאָקטער האָט געשטערט די זעלנער צו ראַבירן אונדזער הויז. אָבער נאָך 3 וואָכן זענען, דער דאָקטער מיט זיינע העלפער, אַוועקגעפאָרן ווייטער אין רוסלאַנד. פאַר זיין אָפּפאָר האָט ער געזאָגט: „צייט 14 טעג זענען מיר אין מאָסקאָוו״. און דאַן האָבן זיך אָנגעהויבן די שווערקייטן. מען האָט גענומען די מענער צו דער אַרבעט און מיט רידלען אויף די פלייצעס האָבן זיי געמוזט מאַרשירן און זינגען און אויספירן נאָך פאַר־שידענע אונמענטשלעכע סאַדיסטישע איינפאַלן. ביז מען האָט געזען די מענער צוריק אין די הייזער זענען אונדז דורכגעלאָפן פאַרשידענע גע־דאַנקען אין קאָפּ. אַזוי האָבן מיר איבערגעלעבט שווערע מאָנאַטן. ס׳איז געקומען דער הערבסט. קלאַנגען זענען געקומען אַז מיר וועלן אַריבער־פאָרן אין אַן אַנדער שטעטל, אָדער פון אַן אַנדער שטעטל וועט מען קומען צו אונדז.

אין אַ קורצער צייט שפּעטער איז געקומען אַ באַפעל מיר זאָלן זיך אַלע אַריבערציען קיין איוויע. ניט פאָרן, נאָר גיין צופוס און מיטנעמען בלויז 8 ק״ג באַגאַזש פון דעם גאַנצן פאַרמעגן. דער גאַנצער פאַרמעגן פון דורות, וואָס מען האָט אָפּגעשפּאָרט, מוז מען איבערלאָזן פאַר די גויים און דייטשן, וואָס קוקן און לאַכן פון אונדז. מען האָט גענומען איבער־שמוגלען שפּייז קיין איוויע. מען האָט געגעבן גויים זאַכן, בעטגעוואַנט און עסנוואַרג זיי זאָלן אַריבערפירן צו אַ באַקאַנטע משפחה אָדער קריסטן. נאָר איינער איז געקומען מיטן וואָגן בשלום און ביי אַן אַנדערן האָט מען צוגענומען די זאַכן אויפן וועג.

קומענדיק קיין איוויע, האָט מען אונדז אַריבערגעפירט אין אַ דזיעל־ניצע, און מען האָט זיך ביסלעכווייז צוגעוווינט צום נייעם לעבן. אַ גאַנצן

טאָג פלעגט מען אַרבעטן און אין אָוונט פלעגט מען באַזוכן איינער דעם צווייטן. די יוגנט האָט זיך פרייגעלאָזט, אָבער די עלטערע פון זיי זענען געווען ערנסטער. אין דער צייט האָבן אַ סך געבויט מעלינעס (באַהאַל־טענישן) צו פאַרזיכערן זיך אין יעדן פאַל. אַזוי איז געקומען דער ווינטער און נאָכדעם דער פסח, און מען האָט געבאַקט מצה.

מיט דער צייט איז געקומען אַ געוויסע פאַרלייכטערונג. דער יודנראַט האָט געהאַט רעכט צו שיקן אַרבעטער צו פריצים. דאָס איז שוין געווען אַ פרייד, ווייל אַ ייד וואָס האָט געאַרבעט ביי אַ פריץ, איז געווען פריי און האָט געקענט מיטנעמען די גאַנצע פאַמיליע. אויך האָט די פאַמיליע געקענט שטיצן אַ קרוב אָדער אַ באַקאַנטן אין איוויע; מען האָט געשיקט מיטן פריץ קאַרטאָפל, מילך, א. א. וו.

איך, מיין מאַן נחום, און מערעלע (מיין שוועסטער גאָלדעס טאָכטער) האָבן געאַרבעט אין אַ ווירטשאַפט וואָס האָט געהערט צו אַ לעסניטשע (וואַלד־אויפזעער). מיר האָבן געמאַכט אַלע אַרבעטן און זענען געווען צופרידן. ביי נאַכט פלעגן מיר קומען שלאָפן אין דזיעלניצע. אויף וויפל איך געדענק, זענען אויך פידלער, זיין פרוי מיט זייערע צוויי טעכטער, חייקע און גאָלדע (אַלטערן געדענק איך ניט פון געטאָ), געווען איינגע־אָרדנט אין בערדאָווטשינער הויף ביים פריץ. זיי האָבן געמאַכט אַלע אַרבעטן וואָס עס פאָדערט זיך אין אַ ווירטשאַפט, און דאָרטן געשלאָפן, אָבער דאָס האָט אָנגעהאַלטן נאָר 9 חדשים. ס׳האָט זיך דערנענטערט דער 12־טער מאַי 1942, מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט מען אָנגעזאָגט אַלע אַרויסגעפאָרענע זיי זאָלן זיך גלייך אומקערן אין איוויע, און אַלע זענען צוריקגעקומען.

מיט אַ פּאָר טעג פריער האָט מען געשיקט מענער גראָבן גריבער. די מענער, וואָס זענען פאַרבייגעגאַנגען די יידישע הייזער האָבן אויסגע־רופן: „ברידער, עס איז ניט גוט, זאָגט תהילים״. עס איז געווען יום־כפור ביי די יידן. אין דעם זעלבן טאָג, 6 אַזייגער נאָך מיטאָג, האָט דער יודנראַט באַקומען גוטע נייעס, אַז קיין שלעכטס וועט מען ניט טאָן. מען וועט נאָר דורכקוקן די דאָקומענטן, און יעדערער וועט גיין אַהיים. איינער פון יודנראַט, אַ קלוגער און אַ שיינער ייד, יודל קבק, איז געגאַנגען פון שטוב צו שטוב אָנזאָגן די פרייד. ער האָט יעדן איינעם געזאָגט „מזל־טוב״ און געקושט יעדן. אין אַנדערע הייזער האָט מען געטרונקען „לחיים״ פאַר

פרייד. אויף מאָרגן, 7 אַזייגער אין דער פרי, האָט יעדער געמוזט זיין רייז געוואַשן און אָנטאָן די בעסטע קליידער, מיטנעמען דאָקומענטן, און אַרויס אויפן פּלאַץ. אַלע האָבן געמוזט זיצן און זיך נישט אַרומקוקן אויף הינטן. אין געגנפאַל — וועט ער דערשאָסן ווערן. אַלע האָבן אויסגעפילט דעם באַפעל. באַלד האָבן זיי איינעם אַרויסגענומען און אויפן פּלאַץ דער־שאָסן, און באַלד האָבן זיי דערשאָסן נאָך אַ פּאָר וועלכע האָבן געפּרוווט אַנטלויפן.

ענדלעך איז געקומען אַ באַפעל אויפשטיין און יעדער זאָל זיך האַלטן מיט זיין פאַמיליע און דאָקומענטן און מען איז געגאַנגען מיט אָרדענונג. 3 וועגן זענען געווען: רעכטס, לינקס, און גראַדע אויס. קיינער האָט ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַדייט. מיר האָבן אויך געוואָלט גיין גראַדע אויס, נאָר נאָענט פון אונדז איז געגאַנגען אַ דייטש וואָס האָט געהיט די אָרדע־נונג, האָט ער געגעבן מיין מאַן אַ שטויס זאָגנדיק: „דומער קערל, ווּו גייסט דו?”. דאַן האָבן מיר זיך געגעבן אַ דרע אויף לינקס, און אַדאַנק דעם האָבן מיר געפונען דעם לעבן.

אין דער שחיטה איז אומגעקומען פידלערס משפחה, אויף וויפל איך געדענק, דער חזן מיט די קינדער, רבי יודל רובינוביץ האָט אויסגעזען שלעכט. מינקע און יאַכקע האָבן אים געפירט. מינקע האָט אים געטרייסט. אויך די פאַמיליע איז אומגעקומען דעם 12־טן מאַי. בת־שבע איז געשטאָרבן אין געטאָ אַ האַלב יאָר פאַר דער שחיטה. אויך יוסף בלילה׳ס גאַנצע פאַמיליע. אין געטאָ האָט יוסף בלילה געמוזט אָפּראַזירן די באָרד; ער האָט זיך געשעמט, און האָט אַ לאַנגע צייט געהאַלטן דעם פּנים פאַר־בונדן מיט אַ טיכל. ער איז געווען נידערשלאָגן. זעענדיק מיר האָט ער געזאָגט: „זע צו וואָס מיר זענען דערגאַנגען”.

נאָך דעם האָט מען די לעבנגעבליבענע באַפוילן גיין אויף אַן אַנדער פּלאַץ און אַ דייטש האָט געהאַלטן אַ רעדע. ער האָט געזאָגט, אַז ער האָט זיך נאָך באַצויגן גוט וואָס ער האָט איבערגעלאָזט אַ טייל פון די יידן ביים לעבן. אויב די מלחמה וועט גוט גיין איז גוט, אויב ניט, וועט אויך די איבערגעבליבענע ערוואַרטן דעם זעלבער גורל. די שולד אין קריג האָבן די יידן; יידן האָבן געבראַכט די רעוואָלוציע, געמאַכט דעם קריג, דאָס גאַנצע שלעכטס קומט נאָר פון יידן, און גלייך באַפוילן מען זאָל אַלע ווערטפולע זאַכן אַוועקלייגן אויף אַ גרויסע טוך. ווער ס׳האָט געהאַט גאָלד,

בריליאַנטן, האָט אַוועקגעגעבן, און נאָכדעם האָט מען אונדז געשיקט אין נייע וווינונגען אין געטאָ. אין די פריערדיקע וווינונגען האָט מען זיך ניט געטאָרט אומקערן.

נאָך 3 טעג האָט דער יודנראַט געהייסן צוריק גיין אין די אַלטע היימען, און דאָרט האָט יעדער געפונען װער אַ קינד, אַ קראַנקן אָדער אַ דערשאָסענע מאַמע אין אַ קאַלוזשע בלוט אין די אויסגעפוצטע קליידער. אַ שווערער טרויער האָט באַהערשט יעדן איינעם. די לעבעדיקע האָבן ניט פיל בעסער אויסגעזען פון די טויטע.

מען האָט ווידער אָנגעהויבן אַרבעטן און שמוגלען. די גויים פלעגן ברענגען אַלץ פאַר געלט. ווען די דייטשן האָבן זיי געכאַפּט פלעגן זיי שיסן. דער זומער איז אַריבער, און עס האָט זיך דערנענטערט דער 31־טער דעצעמבער 1942. דער געטאָ איז ווידער אַרומגערינגלט געוואָרן. אַלע האָבן גענומען לויפן ווו מען האָט נאָר געקענט. איך האָב אַנגעטאָן מיין קראַנק קינד אין אַ וואַלענע טוך, און געגאַנגען צו די ווירטן אין דער נאַכט, זי זאָל אונדז לאָזן איבערשלאָפן. איך האָב אַריינגעשיקט דאָס קינד, טראַכטנדיק אפשר וועט זי בלייבן ביים לעבן. דאָס קינד מיט גרויסע היץ איז צוריק געקומען. זיי לאָזן איר ניט נעכטיקן. מיין קינד איז געקומען אַ צופרידענע זאָגנדיק: „מאַמע, איך וויל בעסער זיין מיט דיר”. מיר זענען צוריקגעגאַנגען און אַראָפּ אין גרוב וואָס איז געווען צוגעגרייט שוין פון עטלעכע טעג. אויף די גרוב איז געשטאַנען אַן אַלמער וועלכן מען האָט אָפּגערוקט און צוריק פאַרשטעלט די גרוב.

אויף צו מאָרגן האָבן זיך צוריקגעקערט מענטשן אין געטאָ ניט האָבנדיק ווו זיך אַהינצוטאָן, אין שניי און קעלט. איינער פון די דייטשן האָט צוגעזאָגט אַז ס׳וועט שוין מער קיין שלעכטס ניט פּאַסירן און מען דאַרף פאָרן צו דער אַרבעט. איינער, אַ דאָקטער וואָלפאָוויטש, האָט געהאַט צוטרוי צו די דייטשן, האָט געטרייסט און פאַרזיכערט אַז מען דאַרף נאָר גיין צו דער אַרבעט. מען האָט די גאַנצע גרופּע מענטשן אַוועקגעפירט, און אויפן וועג דערשאָסן.

אַ פּאָר טעג פאַר דעם האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון געטאָ. איך מיט מיין קינד זענען געגאַנגען צו מיינע גוטע באַקאַנטע גויים אין איוויע, און קיינער האָט אונדז ניט געוואָלט אויפנעמען פאַר קיין פרייז. צום ענדע זענען זיי איינשטימונג געוואָרן, און האָבן אַוועקגעפירט מיר מיט מיין

טעכטערל צו אַ באַקאַנטע גויה אין אַ קליינעם וועלדל, אין אַ איינזאַמער קליינערווירטשאַפט נעבן דאָרף, דוורצאַני. דאָס איז געווען דעם 1.1.43. איך האָב געבעטן די קריסטין און זיי האָבן געבראַכט מיין מאַן, און דאָ זענען מיר געווען 18 חדשים, באַהאַלטן אין אַ שטאַל, אין קעלט, שמוץ און הונגער. די קריסטן האָט באַזוכט דעם געטאָ דעם 8.1.43; קיין ייד איז שוין מער ניט געווען אין געטאָ. ווען די קריסטין פלעגט קומען פון קלויס־טער, ווו זי האָט געהערט וואָס מען האָט געמאַכט מיט די יידן, און וואָס פאַר אַ שטראָף עס ערוואַרט די, וועלכע באַהאַלטן יידן, פלעגט זי ווערן שלעכט צו אונדז. דאַן האָט מען געבראַכט עוואַקויִרטע רוסישע פרויען. די ווירטין האָט ניט געהאַט קיין פלאַץ אויסצוהאַלטן 9 פערזאָן און מיר זענען געווען די איבעריקע. די ווירטין האָט געדראָט אַז זי וועט אונדז איבערגעבן צום סאָלטיס און דאָס איז געווען אַ ווונק אַז מיר זאָלן אַנט־לויפן. זי האָט געהייסן דאָס קינד פאַשן שעפסן און מיר זאָלן אַרבעטן אין דרויסן, כדי מען זאָל אונדז זען און כאַפּן. איך האָב געפּאַשעט 3 בהמות, און געבעטן גאָט עס זאָל זיך אַזוי ווייטער ציהען. אָבער אין אַ זונטיק טאָג האָט זי אונדז אָנגעזאָגט מיר זאָלן פאַרלאָזן איר שטוב, ווייל דער גאַנצער דאָרף רעדט וועגן אונדז.

פאַרטאָג האָב איך זיך אָנגעטאָן ווי אַ פויערטע און געגאַנגען זוכן אין אַנדערע דערפער. איך בין געווען אין אַ דאָרף, אָבער די קריסטין האָט שוין ניט געלעבט, נאָר איר שנור. איך בין באַלד אַרויס און אַזוי האָב איך געוואַנדערט צווישן באַקאַנטע און קיינער האָט מיר ניט געוואָלט אויפנעמען. דאַן בין איך אַוועק אין ליפּנישקער הויף, צו אַ אַלטע גויע, אונדזערע אַ גוטע באַקאַנטע. זי האָט מיר אַרומגענומען און געקושט און איז איינשטימונג געווען אונדז צו האַלטן ביי איר אויפן בוידעם. איך בין ווידער געגאַנגען צו אַ אַנדער באַקאַנטע, וועלכע האָבן ניט געגלויבט אַז מיר לעבן. לויט זייערע רייד האָט מען אַלע יידן ערמאָרדעט. ביי איר איז געווען מיין און מיין שוועסטערס פאַרמעגן. זי האָט מיר געגעבן אַ ברויט, אייער און גרויפּן. איך בין געגאַנגען צוריק צו דער אַלטער גויע מיטן געדאַנק זיך דאָרט לייגן שלאָפן, און פאַרטאָג גיין צו מיין מאַן און קינד און אַריבערברענגען זיי אַהער, אויפן נייעם פלאַץ.

גייענדיק פאַרביי דעם דאָרף קלאדניק, הער איך „האַלט”. עס איז צו מיר צוגעגאַנגען אַ באַקאַנטער גוי און האָט מיר פרייגעלאָזן. דאַן הער איך

ווידער „האַלט״. אַ פּאָר טריט פאַר מיר האָט ער מיר געהייסן אויפהייבן די הענט און קאָנטראָלירט אויב איך האָב געווער, שרייענדיק אַז ער וועט מיר איבערגעבן צו די דייטשן, ווייל די רוסן האָבן זיינעם אַ ברודער פאַרשיקט קיין סיביר. דאַן זענען צוגעגאַנגען נאָך פון די זעלבע לייט.

אין יענע צייטן האָבן אין אונדזערע געגנטן אין די וועלדער געלעבט פאַרטיזאַנער, יידן און רוסן, וועלכע פלעגן פאָדערן פון די דערפער קליידונג און שפּייז, און זיך צוריק ציען אין וואַלד. די לייט וואָס האָבן מיר געכאַפּט זענען געווען באַוואָפנט מיט געווער און אָנגעהויבן מיר צו פאַרשן ווו באַהאַלטן מיר זיך און אויב איך וועל זיי ניט זאָגן וועלן זיי מיר שיסן, אָדער זיי וועלן מיר איבערגעבן אין אַנדערע הענט. מיין ענטפער איז געווען, אַז איך גיי איבער פעלדער און וועלדער און בעט ביי מענטשן עסן. עס איז אָנגעקומען די נאַכט. מען האָט מיר איבערגעגעבן צו איינעם מיט אַ רעוואָלווער אין האַנט און 2 מענער מיט ביקסן האָבן מיר געהיט, איינער אינעווייניק און איינער אין דרויסן. דער וואָס איז געווען אינעווייניק האָט געפאָדערט פון מיר גאָלד. נאָר באַלד איז ער איינגעשלאָפן אויף אַ זאַק קאַרטאָפל וואָס איז געלעגן ביי דער טיר. דאַן האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן. איך האָב איבערגעטראָטן איבער אים, די טיר האָט געסקריפּעט (נאָך היינט הער איך דעם קלאַנג), איך בין אַרויס אין דער פינצטערער נאַכט און געלאָפן צוריק אין ליפּנישקער הויף צו דער אַלטער קריסטין. די גויע האָט מיר געזען, האָט זי זיך איבערגעציילמט. איך בין געווען צעשלאָגן דורך די גויים ביים פאַרשן, קיין איין טייל אין מיין קערפּער איז ניט געווען גאַנץ. זיי האָבן מיר צעקיילט און צעביילט. איך בין אומגעפאַלן אויף אַ ביסל שטרוי אויפן אָרט ווו אַ חזירל איז געלעגן. דאָס איז געווען אין חודש מאַי, ווען די קריסטן גייען אַלע טאָג אין קלויסטער און מיין אַלטע גויע האָט זיך געטראָפן מיט די פריערדיקע גויע אין קלויסטער און איר איבערגעגעבן פון מיר אַ בריוועלע צו מיין מאַן, אַז נאָך דעם אַלעם וואָס עס האָט מיט מיר פּאַסירט, בין איך ניט אומשטאַנד צו גיין מער, און ער זאָל זיך ניט רירן פון אָרט, דאָס קינד זאָל מען אָנטאָן ווי אַ שיקסעלע און ברענגען צו מיר. פון דעם בריוו ביז צום ברענגען דאָס קינד האָט געדויערט 3 טעג, און דאָס איז ניט ווייט. נאָך יענער נאַכט אין וועלכער איך האָב דורכגעמאַכט 40 קילאָמעטער, איז ביי די גויים אַרויס אַ קלאַנג אַז מען האָט מיר דערהאַרגעט. ווען מען האָט דאָס קינד געבראַכט, האָבן

מירביידע געוויינט. דאָס קינד האָט געמיינט, אַז איך לעב שוין מער ניט. אַזוי האָבן מיר זיך איינגעאָרדנט צוזאַמען אויפן בוידעם. די קריסטין האָט געקראָגן אַ ביסל קאַרטאָפל, ברויט, מילך און מען האָט געלעבט.

עס זענען אַריבער אַ פּאָר וואָכן, און אונדזער קריסטין איז שווער קראַנק געוואָרן. מען האָט געבראַכט דעם גלח און נאָך פרומע קריסטן. נאָך דעם ווי אַלע זענען זיך צעגאַנגען, האָט מיר די קריסטין צוגערופן און געזאָגט: דאָס זענען אירע לעצטע שעהן, און ווען זי וועט שטאַרבן וועט מען זיכער קומען אויפן בוידעם זוכן ברעטער אויף אַ טרומנע, און מען קען אונדז נאָך כאַפּן, מען זאָל זיך ראַטעווען. איך האָב איר געקושט און געוויינט, אויך זי האָט געוויינט, און זי האָט קוים אויסגערעדט: ניין, גייט נאָך ניט, אפשר וועל איך נאָך ניט שטאַרבן, און איר וועט קענען איבערקומען די שלעכטע צייט. איך האָב געבעטן גאָט זי זאָל געזונט ווערן. און אַזוי איז געווען. מיר זענען ביי איר געווען 6 וואָכן, און אין אַ שיינעם ערב שבת איז געוואָרן אַ טומל און אַלע פון הויף זענען זיך צעלאָפן אין די פעלדער. נאָר איך, מיין קינד און די אַלטע קריסטין, זענען געבליבן אין הויף. מיר זענען אַראָפּ פון בוידעם זייענדיק זיכער, אַז פון די אַרטילע־רישע שיסערייען וועט איינפאַלן דאָס שטיבל. אַ דייטש איז צוגעגאַנגען צום פענצטער, אָבער ער איז גלייך אַוועק. פון די שיסערייען האָט זיך אָנגעצונדן די שטרוי פון די קריסטין׳ס בעט, נאָר מיר האָט זיך איינגעגעבן מיט אַ עמער וואַסער אָפּצולעשן דאָס פייער.

נאָכדעם איז שטיל געוואָרן און די ערשטע רוסישע זעלנער זענען אַריין. מיר זענען אַרויס אויף דער פריי. איך האָב געשיקט אָנזאָגן מיין מאַן די גוטע נייעס, און נעמען אים אַהיים קיין ליפּנישאָק. נאָר ווייזט אויס, אַז דאָס שטעטל איז פאַרברענט געוואָרן אין די לעצטע טעג פון שלאַכט. קיין היים האָבן מיר ניט געפונען, נאָר אַש און רויך אויפן פּלאַץ פון אונדזערע געוועזענע הייזער. פון די יידישע הייזער איז געבליבן נאָר אברהמ׳ל דעם שמיד׳ס הויז, און די פּוילישע פּאָווּשעכנע שול און אויך די שיינע ראַד קראָמען. אין אונדזער קראָם האָט געוווינט אַ רוסישע פאַמיליע. מיט אונדזער אָנקומען איז אויסגעליידיקט געוואָרן די דירה פאַר אונדז. מיר זענען דאָרט געווען אַ וואָך צייט. סימה, יואל משה׳ס צוריק קומענדיק פון די פאַרטיזאַנער, האָט פאַרגעלייגט מיר זאָלן פאַרלאָזן דאָס שטעטל, און צוזאַמען זענען מיר אַריבער קיין לידע.

צפורה ברגפרינד

# מיינע קינדער יאָרן

איך בין די טאָכטער פון רייזע די אַלטע חזנ׳טע; געבוירן אין ליפּ־ניִשאָק אין 1935.

אין 1940, ווען איך בין געווען 5 יאָר אַלט, האָב איך פאַרלאָזן ליפּ־נישאָק צוזאַמען מיט אַלע יידן פון שטעטל. כאָטש איך בין דאַן געווען אַ קליין קינד, דאַך איז דאָס שטעטל מיר איינגעבאַקן אין האַרצן. אָט זע איך, ווי דורך אַ חלום, דעם מאַרק מיט די ריי געמויערטע קראָמען און אין מיטן אונדזער קראָם, אין וועלכער איך האָב פאַרבראַכט גאַנצע טעג.

מיינע חברים און חברטעס זענען געווען אין יענער צייט: דויד׳ל אידעלקע דעם שוסטערס אַ יינגל, זיין קראָם איז געווען נעבן אונדזערע און יוכבד, די טאָכטער פון סאָניע און צמח. ליידער איז קיינער פון זיי ניט לעבן געבליבן.

אין מיל גאַס, געדענק איך, איז געווען אונדזער הילצערנע הייזל, וועלכע איז איבערגעגאַנגען פון דור צו דור. ביים שטוב איז געווען אַ גרויסער גאָרטן מיט קאַרשן־בוימער און פאַרשידענע גרינסן; איך געדענק נאָך איצט דעם טעם פון די קאַרשן. אין די זומערדיקע פאַרנאַכטן פלעג איך היטן און באַגיסן דעם גאָרטן צוזאַמען מיט מיין באָבען. די באָבע האָט געוווינט אויפן זעלבן הויף, ביי מיין מומע גאָלדע און דאָרטן איז געווען מיין צווייטע היים. איך בין געווען די אינגסטע אין דער גאַנצער משפחה, און די איינציקע ביי מיינע עלטערן. ס׳האָט מיר גאָרניט געפעלט. כ׳האָב געהאַט אַ גאַנצן אַלמער מיט שפילצייג. די קינדער פון גאַס פלעגן קומען צו מיר זיך שפילן, איבערהויפּט געדענק איך כאַשקעס קינדער: הינדע און בריינעלע. איך זאָל גערנער עסן, פלעגט מיין מאַמע אויך געבן אַנדערע קינדער. יעדן מאָל ווען מיין מאַמע פלעגט פאָרן קיין ווילנע פלעגט זי מיט ברענגען באַנאַנעס און אַנדערע גוטע זאַכן. גאַנצע נעכט פלעגט מיין מאַמע אָפּזיצן ביי מיין וויג און זינגען, אָדער דער טאַטע פלעגט זיצן לאַנג און מיר דערציילן מעשה׳לעך. אַזוי בין איך געווען פאַרפּיעשטשעט. שבת פלעגן די עלטערן גיין מיט מיר אין די פּריסאַדעס, און זיך אָפּשטעלן ביי יעדן שטעלכל, וווּ ס איז נאָר געווען אַ קעלבל. אָדער מיר

פלעגן גיין אין הויף, דאָרט זענען געווען די פּאַרמעגנס פון די פּריצים. גייענדיק פאַרביי דעם טייך פלעגן מיר זיך אָוועקשטעלן אויפן בריק און צוקוקן זיך צו די קלאָרע וואַסער פון טייך. אין דער צייט פלעגט די מיל מאַכן אַ שרעקלעכן רעש. פון אַנדער זייט טייך אויפן באַרג האָבן זיך געפונען זאַגאַרינס פעלדער אויף וועלכע עס האָבן געוואַקסן אַרבעס און דאָרט פלעגן די קריסטלעכע קינדער אונדז אָפּוואַרטן און פאַר אַ שטיקל חלה אונדז אָנרייסן גרינע אַרבעס.

איך געדענק דעם אויסערגעוויינלעכן הויכן קלויסטער און דעם געטש אין זייט פון מאַרק וואָס האָט אויף מיר אָנגעוואָרפן אַ שרעק. דאָס אַלץ איז איינגעקריצט אין מיין זכרון. אויך פון דער צייט ווען די באָלשעוויקעס זענען געווען ביי אונדז אין שטעטל זענען ביי מיר פאַרבליבן אָנגענעמע זכרונות; פאַר די עלטערן אפשר ניט אַזוי. איך האָב מיר אָבער געפילט זייער גליקלעך. צו מיין מומע גאָלדע קאַרלינסקי האָבן זיך אַריינגעצויגן רוסישע זעלנער. זיי זענען געווען זייער גוטע און פריילעכע מענטשן. זיי פלעגן טאַנצן זינגען און שפּילן. אין זייער פרייער צייט פלעגן זיי מיר נעמען אויפן שויס און געבן עסן. זיי פלעגן מיר מכבד זיין מיט רויטע סיבירסקע עפּעלעך און אויך מיט געזאַלצענע קליינע הערענגלעך. איך האָב געפילט אַ פריינדשאַפט צו זיי.

לאַנג האָט די גליקלעכע צייט ניט אָנגעהאַלטן. און שוין זייענדיק 6 יאָר האַלט, האָבן זיך אָנגעהייבן פאַר מיר הונגער, שמוץ, קעלט און שרעק. אין אַ העלן זומער־טאָג בין איך געגאַנגען מיט דער מאַמען אין גאַס און מיר האָבן געטראָפן איינעם פון די רוסישע זעלנער, וועלכע האָבן געוווינט ביי דער מומען. ער איז געלאָפן זייער שנעל און האָט אויפגע־שריען צו אונדז: „וווינאַ" (קריג). אין דער מינוט בין איך עלטער געוואָרן מיט אַ פּאָר יאָר. אין מיין האַרצן איז אַריין אַ אומפאַרשטענדלעכער שרעק. באַלד האָב איך געהערט דעם גערויש פון עראָפּלאַנען. מיר זענען אַנטלאָפן אונטערן שטעטל אין די בערג מיטנעמענדיק מיט אונדז אונדזער קו, די שפּייזערקע.

אין אַ קורצער צייט אַרום זענען אַריין אין שטעטל די דייטשן. די ערשטע צייט זענען זיי געווען רויק צו אונדז. מיינע עלטערן האָבן מיר ניט אַרויסגעלאָזט פון שטוב. איך האָב צו זיי ניט געהאַט דעם זעלבן גוטן געפיל, וואָס צו די רוסישע זעלנער.

זייער טראַגיש האָב איך אָנגענומען דאָס פאַרלאָזן ליפּנישאָק און איי־בערגיין אין איוויער געטאָ. איך האָב געדאַרפט איבערלאָזן דעם גאָרטן, די קאַרשן בוימער, בלומען און דעם פולן אַלמער מיט שפּילצייג. די מאַמע האָט אויך איבערגעלאָזט פיל ווערטפולע זאַכן. נאָר איין לאַלקע מיטן וועגעלע האָט זי מיטגענומען פאַר מיר. דאָס האָט מיר נאָך געטרייסט.

איך האָב מיר גיך צוגעוווינט צום לעבן אין געטאָ. מיר האָבן דאָ געוווינט צוזאַמען מיט יחיאל לוינ׳ס פאַמיליע און מיט די פאַמיליעס פון גאָלדע און לייזער קאַרלינסקי. איך האָב זיך באַקאַנט מיט נייע חברים, און האָב זיך באַנוגנט מיט די אײנציקע לאַלקע וואָס האָט מיר געטרייסט אין די אומעטיקע, שרעקלעכע טעג. איין מאָל זענען מיר אַלע געווען צונויפגעזאַמלט אויפן מאַרק־פּלאַץ אין איוויע. מיין מאַמע האָט פאַר מיר גענומען אַ שטיקל ברויט. דאַן האָב איך געזען ווי די דייטשן האָבן אַרויס־גענומען אַ יונגן מאַן, אַ קאַליקע און האָבן אים דערשאָסן. איך האָב געזען דאָס בלוט רינען. איך האָב שרעקלעך מורא געקראָגן און האָב איינגעגראָבן דאָס פּנים אין דער מאַמעס קלייד. כ׳האָב ניט געשריען און ניט געוויינט; איך האָב געוווסט אַז איך טאָר ניט וויינען.

איך קען ניט פאַרגעסן, ווי שרעקלעך, אומעטיק עס האָט אויסגעזען דער געטאָ נאָך דער ליקווידאַציע. די נאָענטסטע און מיינע חברים־קינדער האָב איך שוין ניט געטראָפן; ליידיק און פינצטער איז געווען אין די הייזער.

און איינמאָל איז געווען אין אַ ווינטער טאָג, אַ שניי און אַ פראָסט. די מאַמע האָט באַשלאָסן צו פאַרלאָזן מיט מיר דעם געטאָ. די מאַמע איז געווען אָנגעטאָן ווי אַ פויערטע פון דאָרף און איך ווי אַפּויערישע מיידעלע. די מאַמע מיט אַ בעזים אין האַנט, כלוימערשט מיר גייען אַרויס צו דער אַרבעט. מיר זענען געגאַנגען אין דאָרף דוואָרטשאַן, און נאָך אַ לאַנגע שווערע וועג זענען מיר אָנגעקומען אין אַ קליין שטיבל צו אַ קריסטן. זי האָט אונדז אויפגענומען זייער שיין; זי האָט געמיינט אַז מיר וועלן ביי איר וווינען אַ קורצע צייט. די ערשטע נאַכט בין איך געשלאָפן רויִק ווייל איך בין געווען זייער מיד. פאַרטאָג, ווען ס׳איז נאָך פינצטער געווען, האָבן מיר זיך אויפגעכאַפּט און זענען געשטאַנען ביי אַ גרויסן אויוון און זיך געוואַרעמט.

ס׳איז מיר געווען פרעמד אין שטוב, צום ערשטן מאָל אין לעבן אָן

שפּילצייג און אָן קינדער, און איך האָב אויסגעבראָכן אין אַ געוויין. די מאַמע האָט מיר געטרייסט. אַ סאַך מאָל בין איך געווען הונגעריק. כ'האָב געמוזט וואַרטן ביז אַלע פון דער קריסטלעכער פאַמיליע האָבן געענדיקט עסן, דאַן האָב איך מיט די מאַמען וואָס באַקומען. מיר האָט מען מער ניט באַדאַרפט פּיעשטשען און איינרעדן צום עסן. מיט דער צייט איז געקומען צו אונדז מיין פאָטער, און איך האָב זיך אַביסל צוגעוווינט צום נייעם לעבן.

דאָס שטיבל איז געווען אַ איינצלנע אין עק פון דאָרף. אין פאַל ווען ווער פון די פּויערים פון דאָרף, אָדער דייטשע זעלנער האָבן זיך דער־נענטערט צום שטוב, פלעגן מיר גיך אַרויסגיין דורך אַ הינטער טיר גלייך אין שטאַל פון שעפּסן. אין ווינקל פון שטאַל איז געווען אויסגעגראָבן אַ טיפע גרוב. ווינטער איז די גרוב געווען פול מיט מיסט אָפּלויף. מיין פאָטער און מוטער זענען געשטאַנען ביז די לענדן אין מיסטיקע וואַסער, מיר פלעגט דער פאָטער האַלטן אויף די הענט איך זאָל זיך ניט איין נעצן. מיר האָבן ניט געטאָרט אָטעמען. איך האָב זיך אויפגעפירט ווי אַ גרויסער מענטש, און האָב ניט געוויינט. אַזוי פלעגן מיר דאָרט שטיין אַ שעה און אָפטמאָל אַ האַלבן טאָג.

איך געדענק, איינמאָל זענען געקומען צו דער קריסטין אין שטוב רוסישע פּאַרטיזאַנער. מיר האָבן זיך ניט באַהאַלטן. זיי האָבן געגעסן ביי דער קריסטין און האָבן גערעדט מיט מיינע עלטערן. זיי זענען געווען ווילע מענטשן, און האָבן אונדז ניט געטאָן קיין שלעכטס. אָפטמאָל האָבן מיר געהערט שיסערייען אין דער נאַכט; צומאָרגנס האָבן מיר געזען ניט ווייט פון שטוב דערהאַרגעטע.

די פּויערטע איז געווען אַן אלמנה. איר עקאָנאָמישע לאַגע איז געווען אַ שווערע, און זייער אָפט האָט זי אַליין ניט געהאַט קיין ברויט צום עסן. איך האָב מערסטן טייל געגעסן אַ שטיקל ברויט אָדער קאַרטאָפל און אָפטמאָל אַ מין זופּ פון בוריקלעך און דאָס אַלץ אין אַ קליינער פּאָרציע. די קריסטין איז געווען זייער אַ פרומע. זי פלעגט זיך אַ סאך מאָדליען (תפילה טאָן), און איך בין געווירקט געוואָרן פון איר. איך האָב זיך אויסגעלערנט אויף אויסווייניק אַלע קריסטלעכע תפילות, און איך האָב געגלויבט אין זיי. די איקאָנעס אויפן וואַנט האָבן אויף מיר געמאַכט אַ רושם פון הייליגקייט. כ'האָב פאַרשטאַנען אַז אַזוי ווי ס'איז דאָ אין

שטוב אַ טיש, אַ בענקל, אַזוי דאַרף אין שטוב זיין דאָס בילד פון געקרויר־ציקטן. איך האָב געקוקט אויף דעם מיט יראת הכבוד.

די קריסטין האָט געהאַט 3 קינדער. דער יינגסטער איז געווען עלטער פון מיר, אָבער ער האָט זיך מיט מיר פאַרנומען. פיל מאָל ווען ער פלעגט זיין ברוגז מיט זיין מוטער, פלעגט ער אויסלאָזן דעם כעס צו מיר, ער פלעגט מיר שלאָגן און אָפּלאַכן, וואָס איך בין אָפּגעגאָלט ווי אַ יינגל. עס פלעגט מיר שטאַרק וויי טאָן, אָבער איך האָב ניט געטאָרט וויינען. ער פלעגט אונדז שרעקן אַז ער וועט אויסזאָגן די דייטשן וועגן אונדז. מיינע עלטערן פלעגן אים אין אַזוינע פאַלן געבן געלט ער זאָל זיך עפּעס קויפן, נאָר ער זאָל אונדז ניט טאָן קיין שלעכטס.

איך פלעג זיך צוקוקן ווי אַזוי די קריסטלעכע משפחה פלעגט זיך ציילעמען פאַרן עסן און פאַרן שלאָפן, און איך האָב זיך דאָס אויך אויס־געלערנט. איך האָב געוווּסט, אַז יידן טאָרן ניט טאָן די אַלע זאַכן. מיינע עלטערן האָבן מיר געלערנט אין דער שטיל יידישע תפילות, און זיי האָבן אָפּגעהיט ווי ווייט מעגלעך אַלע יידישע דינים. איך, אָבער, האָב מקנא געווען די קריסטן וואָס זיי גייען אַלע זונטיק אין קלויסטער און זענען אויף דער פריי, און מיין קינדערישע פאַנטאַזיע איז געווען ווי אַזוי צו ווערן אַ קריסטליך קינד.

שטילערהייט, ווען קיינער האָט ניט געהערט פלעג איך זיך מאָדלען און אין געדאַנק זיך אויך איבערציילעמען. אַלס קינד האָב איך פאַרשטאַנען, אַז די איינציקע סיבה פון אונדזער ליידן איז וואָס מיר זענען יידן. איך האָב געזען, אַז די אַלע וואָס זענען קריסטן האָבן אַ בעסערן לעבן און איך האָב געקראָגן אַ שנאה צו יידן. איך האָב געחלומט צו זיין גלייך מיט אַלע קינדער אין מיין עלטער. ביי דער קריסטין האָב איך זיך געלערנט שטריקן, אויסנייען און לייענען פויליש.

18 מאָנאַטן האָבן מיר אָפּגעלעבט אין שרעקלעכן שמוץ און אָפּטן הונגער. עס איז געווען פאַרשיידנס, בעסערע טעג און ערגערע.

6 וואָכן פאַר דער באַפרייאונג האָבן מיר געמוזט ענדערן דעם פלאַץ און מיין מוטער האָט געפונען אַ באַהעלטעניש ביי איין אַנדער קריסט אין ליפּנישקער הויף. דאַן האָט די מוטער אָנגעזאָגט צו דער פריערדיקער קריסטין ביי ווען איך בין נאָך פאַרבליבן, זי זאָל מיר ברענגען צו איר. די קריסטין האָט מיר אָנגעטאָן אַזוי, אַז מען זאָל מיר ניט דערקענען. זי

איז געגאַנגען פאַראויס און איך בין נאָך איר נאָכגעלאָפן גאַנצע 7 קילאָ־מעטער. נאָר פלוצלינג האָט אונדז באַגעגנט דער סאָלטיס פון דאָרף, און האָט איר געפרעגט: „ועמענס איז די מיידל?" (מיר האָט מען געלערנט איך זאָל זאָגן אַז איך בין פון די רוסישע פּליטים). די קריסטין האָט געענטפערט אַז זי ווייסט ניט ווער זי איז, סתם איינע פון די פאַרלאָזענע קינדער". און איך האָב זייער מורא געהאַט מען זאָל מיר ניט נעמען צו די דייטשן.

נאָך דער באַפרייאונג זענען מיר געקומען אין ליפּנישאָק. קיין שטוב ניט געטראָפן. אַ ביסל צייט האָבן מיר געוווינט אין אונדזער קראָם, שפּעטער זענען מיר געפאָרן קיין לידע. און אין יאָר 1945 זענען מיר אַרויסגעפאָרן קיין פּוילן אין דער שטאָט לאָדז. אין לאָדז׳ער אוניווער־סיטעט האָב איך זיך געטראָפן מיט קריסטלעכע סטודנטן; איך בין געווען מיט זיי זייער באַפריינדעט. איך האָב פאַרגעסן און זיך באַפרייט פון די קריסטלעכע רעליגיע, האָב ניט באַהאַלטן מער מיין יידישקייט און האָב באַשלאָסן פאַר אַלע פרייזן צו פאָרן אין אונדזער לאַנד.

י. ח. ג.

# ליפנישוק בתקופת מלחמת העולם השניה

היתה זו עיירה קטנה ושקטה; כל אחד ואחד היה טרוד במלאכתו או בעיסוקו כדי להוציא לחמו למשפחתו. כך חלפו שנים רבות עד שהעיירה נדונה לחיסול ולשכחה, אבל אי אפשר לשכוח, ולעולם לא נשכח.

השקט שרר בה כרגיל גם בקיץ 1939 עד שפרצה המלחמה. הגרמנים פלשו לפולין והשתלטו על רוב שטחי הארץ, ואנו שמענו מפי הפליטים היהודים ממחוזות המערב וידענו מה שהגרמנים הנאצים עושים ליהודי פולין. כמובן ששמחנו לקבל את פני הצבא האדום. הם נכנסו לעיירה מרחוב הטחנה (מיל־גאַס). אני זוכר איך כל הנוער יצא לפגשם על יד הנהר היפה. אותו נהר שכה אהבנו להתרחץ במימיו, או לראות איך שיודל בת־שבע׳ס וחנא־אבא, עליהם השלום, היו קופצים לנהר ובקלות צולחים אותו. על יד אותו נהר פגשנו את הצבא האדום ויחד אתו צעדנו עד למרכז (ביזן מארק). היתה באמת שמחה גדולה. אולם עם בואם באו גם זעזועים ושנויים בחיי יום יום: כולם היו נתונים בקלחת של פחד, מבוכה וסבל, אך נאלצנו להשלים עם המצב. העם הרוסי הגדול צריך להיות ידידנו ומיד נוצרה אחוה בין הנוער היהודי והנוצרי המקומי ובין הצבא האדום; היינו מסדרים נשפים — אלתר פידלר וצבי גוטלבסקי ז״ל, מאיר לוין ואני, נסענו לכפר ז׳יזמה, שם היתה תזמורת. היינו משלמים להם כמה רובלים והם היו באים לליפנישוק לנגן באולם הגמינה. שם רקדנו יחד, הצגנו הצגות והיה שמח.

בשנת 1940 היה חורף קשה והקור הגיע עד ל־40° מתחת לאפס. עצים רגילים ועצי פרי בגנים קפאו. באביב עבר הקור ואתו חלפה עברה גם שמחת הנוער. הרוסים התחילו לחקור את כולם: מה אתה עושה? מה עושה אביך? סוחר — לא טוב, פועל — טוב. חפשנו עבודה ולא מצאנו אותה בליפנישוק. אחדים מאתנו, הצעירים שבינינו, הסתדרו במקום בעבודות פקידות ולשאר לא היתה תעסוקה. מאיר לוין, יוסף שמוקלר ואני נסענו ללידה לעבוד בביח״ר „ערדל״. שם עבדנו עד חודש יוני, 1941. אני זוכר יום אחד של עבודה בביהח״ר: שמענו וראינו הפצצות ומבעד החלון של ביהח״ר ראינו בית סמוך נפגע ובוער, והאש מגיעה קרוב

לבית החרושת שבו עבדנו. היריות והפצצות לא פסקו. כולנו פרצנו לכוון השער, אך השער היה סגור. מיד הבינונו שהגרמנים באו. פרצנו בכח את השער — והנה נתגלתה לפנינו העיר אחוזה רעידות ורעש של פצצות ואפופה להבות אש ועשן. החלטנו לברוח הביתה, לליפנישוק. דרך מרכז העיר אי־אפשר היה לעבור. עקפנו את העיר, רצנו דרך שדות וכשהגענו לעיירה התאספנו כל הנוער בככר השוק: אחותי רבקה, אחי פייבקה ואני, צבי גוטלבסקי ז״ל, הבנות של אלתר חסמן, רייזקה שניידר, מוטקה טודרס, אברהם ויהודית איבניצקי, חיים סלדובניק ועוד הרבה בני־נוער. לא היה הרבה מה לחשוב והחלטנו לברוח לרוסיה שכן ידענו היטב מה צפוי לנו מהנאצים.

זה היה לפנות ערב. עמדנו יחד עם ההורים הקשישים והזקנים. הצטרכנו להפרד מהם ולהשאירם מאחורינו. כולנו בכינו יחד. עמדתי וחשבתי: למה מתאכזר בנו כה הגורל? תקופות ילדות ונעורים ארוכות עברו עלינו בעיירה זו, בסביבה זו. שמחה וגם עצב עברו עלינו פה ועכשיו עלינו לעזוב. הסתכלתי על העצים העוטים ירק, שמעתי את הצפרים המצייצות לתומן כאילו כלום לא קרה. דמעות זלגו מעיני; מי יודע מה מחכה להורינו. היו אמנם אנשים בליפנישוק שהאמינו שעוד יתרחשו נסים. הם עברו את מלחמת העולם הראשונה ויעברו גם מלחמה זו. אולם לשוא היו התקוות. הפעם לא קרו נסים. נפרדנו מהורינו היקרים והלכנו.

בשלב הראשון הגענו לעיירה איביניץ שעל יד הגבול, שם נחנו קצת והמשכנו עד למינסק. אולם בקבוצה גדולה היה קשה ללכת וגם מסוכן, שכן הגרמנים שהסתערו במאות טנקים ומטוסי קרב פרצו שוב את החזית והתקרבו אלינו. קמה בהלה בינינו ונאלצנו להתפצל לקבוצות קטנות, שהלכו בדרכים שונות. התקדמותו של הצבא הנאצי היתה מהירה, וכוחותינו אפסו מרוב הליכה. קשה לתאר אותם הימים והלילות, כאשר שדות ויערות שמשו קורת־גג לאלפי אנשים שברחו מפני הרוצחים. קשה לתאר את הטבח, שערכו מטוסי הנאצים בין הנמלטים ואת אלפי האנשים שנפלו בדרך מאפיסת כוחות. התפזרנו לארבע רוחות השמים: דרומה, מזרחה, וצפונה. אני נשארתי עם צבי גוטלבסקי. שנינו הלכנו רעבים ועייפים, עד שהגענו לעיירה אורשה שברוסיה, בסביבת מוהילב. נחנו קצת ושוב התחילו המטוסים להפציץ. התחלנו לחפש מקום להסתתר מפניהם. אחרי שעה קמתי, קראתי לצבי כדי ללכת הלאה, אולם לא

מצאתיו במקום. נשארתי לבדי לא היה לי כוח ולא היה לי חבר עם מי להתיעץ; נותרתי שבור ורצוץ וחסר אונים. הגרמנים נמצאו כבר במרחק של מאות קילומטרים לפנינו. החלטתי לחזור, אולי אפגוש בהורי, קרובי. בדרך פגשתי חברה מאיביה ולידה. גם הם חוזרים. הלכנו יחד אף על פי שידענו היטב מה מחכה לנו בגיטו.

באנו לאיביה. הורי עדיין היו בליפנישוק, וכבר שמעתי מה שהגרמנים עושים ליהודים. נכנסתי לאיביה, ופתאום התנפל עלי גרמני. הרגשתי את המכות הראשונות על בשרי. הוא הכה אותי מכות רצח ועזב אותי שוכב על הארץ. קמתי בלי כוח והלכתי לדודי אהרון לייזר מגיד, ז״ל

באיביה היו כל היהודים מרוכזים בכמה רחובות. על המדרכה אסור היה ללכת. כל בוקר צריכים היו להתאסף במרכז העיר ומשם שלחום לכל מיני עבודות ביער וניקוי רחובות.

בוקר אחד באו מלידה אנשי ס.ס., ריכזו כמאה יהודים וסגרו אותם בחנויות, וכל פעם היו מעלים על מכונית משא כ־20—30 איש והובילו אותם למרחק של קילומטרים אחדים מחוץ לעיר, בדרך לבקשט, ושם הרגו אותם. ביניהם היה גם דודי אהרון־לייזר מגיד, מנהל בי״ס נובופרוצקי ובעל בית המרקחת שאיני זוכר את שמו ועוד. פחד גדול אחז את כולנו. כל יום משהו חדש. אחד נהרג על שהלך לקנות בשוק איזה מצרך, אחר — על שהלך על המדרכה וכו׳.

בראשית חורף שנת 1942, ריכזו בעיירה איביה את כל היהודים מהעיירות הקרובות: טראבי, סובוטניק וליפנישוק. באותו זמן הגיעו גם הורי ושוב היינו יחד. גרנו אצל דודה מאשה בקשט. היינו 3 משפחות בחדר וחצי. ושוב עבודה ופחד. ככה חיינו עד 12.5.1942. באותו יום בבוקר גרשו את כולנו מהבתים, הושיבו אותנו במרכז העיר על האדמה, משפחות, משפחות, סביבנו נאצים חמושים עם כלבים, שמרו שאף אחד לא יזוז ממקומו. בשעה 11.00 ניתנה פקודה לקום וללכת לרחוב ברנדינר. ברחוב עמדו אנשי ס.ס. ומיינו את האנשים לפי ראות עיניהם: לצד ימין ולצד שמאל. לא ידענו מה פרוש הדבר עד שחייל גרמני רמז שימין ושמאל זה לחיים, וישר — למות, רק אז הוברר לנו מה שיתרחש כאן. תמכתי באבי ואמי החלשים הנוטים ליפול, רכוני ראש, מתיפחים, אולי מלמלו תפילה. הלכנו כנידונים למות. מאותו זמן זוכר אני את פסח יואל־משה׳ס ומשפחתו שהיו על ידינו והובלו לשחיטה. כשאני והורי

הגענו למקום המיון, צוו עלינו לפנות ימינה. שוב ישבנו על האדמה עד הערב ובמשך כל הזמן הדהדו מכונות היריה של הגרמנים שהרגו את האנשים. ספרו לנו אחר כך יהודים שלקחו אותם לסתום את הבורות, שלפנות ערב קמה מהבור אחותו של פסח לידסקי דעם שטעפער׳ס מטראבי. כנראה שלא נפגעה ובקשה שירחמו עליה ויצילוה. אולם גרמני בא וירה בה. לפנות ערב ריכזו אותנו, הנשארים בחיים, ברחוב אחד בגיטו.

כך נסתיים השלב הראשון של חיסול הגיטו עם מאות קרבנות שנרצחו ללא כל סיבה, והאדמה בלעה אותם. כמו במחי יד נמחק העבר של מאות שנים של קהילת עיירתנו, שבה נרקמו חיים, שמחה ותקוות.

## בגיטו לידה

ימים אחדים אחרי השחיטה הגדולה הגיעה פקודה מהגביט׳ס־קומיסאַר בלידה, לשלוח מיד 50 איש לעבודה לגיטו לידה. בין החמישים הייתי גם אני. העבירו אותנו ללידה, ושם היה אתנו גם צבי גוטלבסקי ז״ל. בלידה מתחיל פרק חדש, אולם אותם חיי גיטו, אותה השפלה ורצח יום יום. אני עבדתי בתחנת הרכבת. העמסנו עצים על קרונות, אולם אלה לא היו חיים של ממש, ואי אפשר היה להמשיך כך בתהום השפל של הגיטו. התחלנו להתכונן לבריחה. באותו זמן הגיעו אלינו שמועות, שביער בסביבת לידה משוטטים 4 האחים בילסקי. הם הראשונים שברחו ליער ומוכנים היו לצרף אליהם כל מי שרוצה לברוח מהגיטו. כמובן שצריך נשק, ולהשיג נשק אינו דבר פשוט. צבי גוטלבסקי ואני הכרנו היטב את האחים בילסקי. אחד מהם, טוביה, חי לפני המלחמה בסובוטניק, והיה קרוב של משפחת פידלר. בינתיים נשלחו מהיער לגיטו יהודים אחדים, כדי לעזור ליהודים המוכנים לברוח ליער, ולהצילם. צבי גוטלבסקי ואני שלחנו מכתב לטוביה בילסקי, על־ידי אותם האנשים שחזרו ליער, בו הודענו, שאנחנו מוכנים לברוח ושיקבל אותנו ליער. כעבור יומיים קיבלנו תשובה לבוא ליער.

באחד הלילות של חודש מאי, 1943, נפגשנו, אני, אשתי טובה, אחותה יוכבד וצבי, עם קבוצת בורחים אחרת, בפינה נידחת בגיטו. כמובן שזה היה מתוכנן מראש, שכן המות ארב מכל פינה וכל צעד לא נכון עלול היה להסגירנו לידי המרצחים. הלב דאב על שלא יכולתי להיפרד מהורי, שהיו בגיטו איביה. במתח נפשי עצום ובזהירות מקסימלית

הצלחנו לצאת מהגיטו לפי המתוכנן ולהשאיר אותו עם חוטי התיל המחושמלים מאחורינו. אולם הקושי העיקרי היה עדיין לפנינו: בדרך ליער היה עלינו לעבור על פני שדה התעופה של הגרמנים, אשר פרו־ז׳קטורים חזקים האירו את השטח סביבו אולם כך קבענו ושוב לא יכולנו לחזור ולדחות את משימת הבריחה לתאריך אחר. אנחנו מוכרחים לעבור ולהגיע ליער. כברת דרך ארוכה זחלנו על ארבע ועל הבטן כדי לעבור את השטח המסוכן בשלום. אחר כך קמנו, נחנו קצת והמשכנו לזחול. הלילה היה בהיר. ירח גדול הבהיק מבין ענפי העצים וכבר הרגשנו את עצמנו חופשים. קשה לתאר את הרגשת החופש שאפפה אותנו, ששוב לא יעוררו אותי בבהלה בלילה: „הגיטו מוקף, שוב טבח״. אמנם מצבנו היה עוד רציני למדי, שכן ידענו את הקשיים גם במצבנו החדש והסכנות הכרוכות בו. המשכנו בהליכה כל הלילה ולפנות בוקר הגענו ליער. שם נפגשנו עם האח הגדול טוביה בילסקי. הוא היה המפקד. ספרנו לו על חיי הגיטו והוא סיפר לנו — בקיצור — על חיי הפרטיזנים.

## ביער, בין הפרטיזנים

הוטל עלינו להשיג נשק, ומאוד קשה היה להשיגו. האיכרים בכפרים אספו נשק שעזבו הצבא הפולני והרוסים בנסיגתם. הם החביאו אותו וסרבו באמתלאות שונות, למסרו לנו ואף הכחישו את המצאותו בידם. רק בלחץ ובאיומים הצלחנו להוציאו מידיהם את הנשק ואף זה לא תמיד. לאחר שרכשנו נשק, גברה בנו הרגשת האומץ והבטחון. היינו עורכים התקפות על תחנות משטרה של הגרמנים, הורגים אותם ולוקחים את נשקם. לאט־לאט הסתדרנו ואלינו הצטרפו עוד יהודים מגיטו לידה וכן מגיטו איביה. אלה ספרו לנו שאת כל הנשארים מהשחיטה הראשונה הוציאו למחנות עבודה לבוריסוב, ושם הרגו אותם.

ביער זה היו גם פרטיזנים רוסיים, חיילים סובייטים שבזמן הנסיגה הסתתרו ביערות, ואחר כך התארגנו כלוחמים פרטיזנים. גם מהם סבלנו במקרים רבים ולא נעימים, אולם זהו פרק לחוד.

היינו בסביבת זאבלאווה. היו אלה ימים קשים בשבילנו. הגרמנים צרו עלינו סביב סביב. המצב הלך והחמיר, ויום־יום הגיעו עוד יהודים שהצטרפו לפלוגת הפרטיזנים. לא יכולנו להשאר במקום, שכן הגיעו שמועות שהגרמנים מתחילים בפעולות טיהור נגד הפרטיזנים. נאלצנו

לעזוב את המקום ועברנו ליער אחר בשם זוראווילניק. באותו יער היינו ימים אחדים. בוקר אחד, כאשר כולנו ישנו, הגיעו למקום, בדהרה השומר הפרטיזן רכוב על סוס ושאר אנשי המשמר והודיעו לנו שראו מרחוק גרמנים חמושים מתקרבים ליער. במחננו השתררה בהלה שאין לתארה. עוד לא הספקנו לקום, וכבר היו הגרמנים עם עוזריהם, שוטרים פולנים ובילורוסים במדים שחורים, בקרבתנו. לא הספקנו לקחת מאומה מרכושנו, והודות לאחדים מאתנו, שהכירו את המקום עוד מלפני המלחמה, נסוגונו לעומק היער. אלה שהיה להם נשק פתחו באש על הגרמנים במטרה לעצור אותם או להאיט את התקדמותם ליער, כדי שאנו נוכל לסגת הלאה.

התפצלנו לקבוצות קטנות ואחרי כמה ימים נפגשנו ליד הניימן. המפקד דיבר בקיצור על המצב החמור, והודיע שנעזוב בכלל את הסביבה, כי פה לא נוכל להחזיק מעמד. אנו נלך לכיוון נאליבוקי, במקום שהיערות עבותים, ושם נוכל להסתתר יותר טוב. במצבנו זה לא היה מה לחשוב הרבה. כולנו זזנו, וכל הדרכים הובילו אל יערות נאליבוקי.

כשהגענו לשם היה מצבנו רע למדי. באנו בלי מזון ובלא כלום. הצטרכנו לרכוש ולבנות הכל מחדש, להכין ביקתה לחורף, או, לפחות, סוכות, וכן להכין מזון לכולנו — ל־1200 איש. הימים ימי גשמים בלתי פוסקים. הדרכים מכוסות בוץ, השמים קודרים, ורוחות נושבות. וקור שורר בכל מקום. לילה ראשון ביער נאליבוקי: קור ואפילה, מדורות בוערות על יד כמה סוכות שקבוצות זריזות כבר הצליחו להקים, כדי לחמם קצת את הגוף והנשמה. מאוחר יותר עובר התורן במחנה ומודיע על זמן שינה. הוא מכבה את המדורות. לאלה שהיו סוכות מוכנות שכבו לישון בתוכן, ומי שלא היתה לו סוכה, ביניהם אני ואשתי ועוד כמה חברים, נרדם על האדמה הרטובה. במחנה השתרר שקט מוחלט.

לפנות בוקר קמנו והתחלנו לבנות סוכה. מאוחר יותר יצאנו לכפר לראות מה המצב. השגנו מזון וחזרנו למחנה. המצב השתפר והיינו יוצאים להתקיף גרמנים שישבו בכפרים שמסביבנו. כשנכנסנו לכפרים להשיג אוכל היו האיכרים יורים עלינו. היו גם איכרים ששיתפו פעולה אתנו. פעם קראו איכרים לגרמנים לבוא לעזרתם, שכן באו, כביכול, הפרטיזנים לשדוד את כפרם. הגרמנים הופיעו במהירות רבה, ועלו על מארב שהכנו להם, ואז הפלנו מהם חללים ולקחנו שלל. היינו מניחים חומר נפץ על פסי

הרכבת, שהובילה את חיילי הוורמכט לחזית. פחות או יותר הסתדרנו. עוד לא הספקנו להקים בקתות לחורף בשביל כל אנשינו, וכבר עברו שמועות מפה לאוזן על מצוד גדול שהגרמנים מתכוננים לערוך עלינו. ביולי 1943 מסרו לנו האיכרים, שיום יום באים מן המזרח גרמנים עם טנקים, ונערכים להתקפה על היער. אחרי ימים אחדים כבר שמענו יריות שהלכו ונעשו יותר ויותר חזקות ותכופות. הופיעו גם מפציצים, ושוב בהלה: לברוח, לסגת פנימה, שכן כוחותינו לא יעמדו מול אשם. למזלנו פחדו הגרמנים להכנס פנימה. אנו התפצלנו לקבוצות קטנות ופנינו לעומק היער. גם הפעם היו בינינו יהודים שהכירו את היער עוד מלפני המלחמה, עת היו נוסעים מכפר לכפר, מוכרים וקונים אצל האיכרים. אלה הלכו הראשונים, ואנחנו אחריהם. התקדמנו לאט ובזהירות. היה זה ליל עלטה. שרכנו את רגלינו בכוחותינו האחרונים והנה הבחנו על גבעה, לא רחוק מאתנו, בתנועה של גרמנים. היינו במיצר ומוקפים. על ידינו היה נהר קטן או מי־ביצה עומדים. נכנסנו לתוך המים עד לצואר שלא יראו אותנו. נשים נשאו ילדים בני 4—5, זקנים שרכו רגליהם בקוצר נשימה. על כולנו הומטרה אש חזקה. הילדים למדו לשתוק, הבינו מה גדולה הסכנה. כל העדה עָמדה ללא תזוזה. חכינו עד שתפסקנה היריות מעל לראשינו, ואכן פסקו היריות. אז יצאנו מהביצה לנוח קצת. זה היה היום השלישי למצוד הגדול. המפקד ארגן קבוצות נפרדות ושוב הלכנו חזרה לנהר הניימן. אולם רבים מאתנו התיאשו, אבדו את בטחונם, חזרו לגיטו, ולבסוף נהרגו שם. כ־70% מן האנשים הלכו עם המפקד בילסקי ועזבו את יער נאליבוקי, שוטטו באיזורי לידה, איביה, גאביה, ואחרי חדשים של נדודים חזרו ליערות.

**ישראל קסלר**

במחנה נאליבוקי היה אחד בשם ישראל קסלר, אדם פשוט, אך בעל כשרונות וחושים מפותחים. הוא הכיר את היער על כל שביליו ודרכיו, והיה מפקד טוב, ידיד ורע לכולנו. קודם היה ממארגני המחתרת במחנה דבורץ, ועתה ארגן קבוצה של 60 איש, רובם יוצאי נאליבוקי ופובזביץ, שהחליטו לא לצאת את היער ויהי מה, שכן אין לאן ללכת. בין אלה הייתי גם אני, אשתי ואחותה.

אחרי ימים אחדים הפסיקו הגרמנים לירות ונעשה שקט. חזרנו לאותו

מקום בו היינו לפני המצור. את המחנה כמעט שאי אפשר היה להכיר: הכל היה הרוס, גם בתי האיכרים סביב היער נשרפו. האיכרים ברחו. יצאנו בקבוצה להשיג מזון בכפרים, ולא מצאנו שם אף אדם. להקות של תרנגולות שוטטו סביב בתים שרופים, ותפוחי אדמה טרם הוצאו מהאדמה. תפסנו תרנגולות, אספנו תפוחי־אדמה והבאנו הכל למחנה. המצב הוטב. יש אוכל, אולם מלח אין להשיג כלל. התחלנו לאגור מזון במחסן ביער. קסלר ארגן בתי מלאכה שונים, וכך היה לנו הכל. בינתיים הגיעו שמועות שכל האנשים אשר התפזרו לפני המצוד חוזרים ליער עם המפקד בילסקי, ושוב נתאחדה הפלוגה, ובתוכה מחנה המשפחות. השמחה היתה גדולה: נשים נפגשו שוב עם בעליהן, אחים עם אחיות, המשפחות התאחדו שוב. הכל היה טוב ויפה. עכשיו צריך שוב להתכונן לחורף. הזמן — עונת הסתיו, 1943. העלים נושרים ומשאירים את העצים קרחים. הרוחות נושאות עננים ומבשרות בואם של גשמים, שלגים, ושוב יהיה בוץ וכפור. התחלנו לעבוד במרץ. חפרנו בורות, כרתנו עצים, חברנו אותם יחד וכסינו בהם את הבורות ופיזרנו עליהם ירק כדי שהאויב לא יכיר את מקומנו. אחרי זמן מה הוקמו הרבה בקתות. בכל בקתה גרו כ־30 איש, מהם אחד מפקד שהיה חייב לשמור על הנקיון ועל הסדר. הוקמה טחנת קמח וגריסים, וכן מאפיה מצויינת, מחסן מלא מזון, והיו לנו מומחים לעשיית נקניק אולם את כל הרכוש הזה לא השגנו בקלות. על כל דבר היינו צריכים להילחם, להיכנס בקרב עם הגרמנים או פולנים לבנים, ולכעמים עלה הדבר במחיר חיי חברים.

החיים נכנסו למסלולם; מדי פעם יצאנו לפעולות וקוינו וחיכינו למפלת הגרמנים.

### תבוסת הגרמנים

אביב 1944. השלג הפשיר, השמש מחממת קצת את הנשמה, צפרים מצייצות וקופצות מענף לענף, והיער מתעטף בעלים. מרכז הפרטיזנים באיזור ברנוביץ' עמד בקשר עם מוסקבה ועם הצבא הסובייטי הסדיר. פעולות הפרטיזנים גברו והתרחבו. מספרים, שהגרמנים בורחים בבהלה מהחזית. והנה הודיע הרדיו שהסובייטים הבקיעו את חזית ויטבסק ומתקדמים לעבר מינסק, והגרמנים נסוגים בדרכים צדדיות. שוב חכינו

בקוצר רוח בחפירות לקרב עם הגרמנים. אנשינו יצאו לסיורים כדי להשיג ידיעות. פעם הודיעו שקבוצת גרמנים מתקרבת אלינו. נתנו להם להתקרב עד למרחק של 50 מטר מאתנו, ואז המטרנו עליהם ברד של אש. הם התחילו לברוח ואנחנו רדפנו אחריהם. הרגנו אחדים מהם, ואחדים תפשנו חיים והבאנום למחנה. אין לתאר את המחזה: כולנו רצינו לנקום את נקמת דם הורים, נשים וילדים. כל אחד מאתנו זרק על הגרמנים כל הבא ליד; העיקר לפגוע במרצחים.

כך עברו ימים ברדיפה אחרי הגרמנים הבורחים, העייפים והרצוצים. אותו זמן כבר היינו בטוחים שאין מה לפחד מפניהם. והנה דוקא באותם ימים אחרונים התארגנה קבוצה של אנשי סס. שרצו לפרוץ להם דרך בתוך המחנה שלנו. כנראה לא היתה להם כל דרך אחרת. הפעם השתטחנו על יד הבקתות שלנו והקרב התחיל. הייתי אז יחד עם צבי גוטלבסקי בקבוצה אחת. הגרמנים פרצו לתוך המחנה. כשפסקו היריות הבחנתי בצבי ששכב ללא תזוזה והרובה שלו מוטל הצדה. נגשתי אליו וראיתי שדם זב ממנו. אני ועוד חבר לקחנו אותו והבאנו אותו למרפאה. הוא קבל עזרה ראשונה. נעשה כל מה שאפשר היה לעשות לפצוע בתנאים בלתי נורמליים אלה. היה זה לפנות בוקר, לפני עזיבתנו את היער. הכאב והצער היה גדול, שאחרי שנות סבל של קור ורעב, זכינו לראות סוף סוף במפלתו של האויב, ודוקא באותו יום שחרור מיוחל, נפגע צבי גוטלבסקי. באותו קרב נהרג גם הקומיסאר גורדון מהעיירה וסילישיקי. לאחר הקרב הוצאה פקודה לפרטיזנים להסתדר על יד המפקדה. המפקד דיבר קצרות, תיאר את הקשיים והחיים שעברו עלינו במשך כל הזמן של קיום הפלוגה.

העמסנו את מטענינו על עגלות. השכבתי את צבי על עגלה, ישבתי על ידו ושמרתי עליו. ניתן לו הטיפול הדרוש, אולם הוא הרגיש ברע. אילו היו לנו התרופות המתאימות יתכן שהיינו מצילים את חייו. הוא אבד הרבה דם. הכאב היה גדול. צעדנו כולנו לכיוון נובוגרודק. היה זה יום נעים, של גשם ושמש לסרוגין, בחודש יוני. עברנו שדות ביצה, ודרך הגשרים ההרוסים שהתקנו בזמן המצוד הגדול ביער. צעדנו דרך התעלה של הניימאן. נפרדנו מהנהר שזרם בין העצים. כל מקום, כל חורשה היתה מוכרת לנו. נפרדנו מחיי היער. בהגיענו לנובוגרודק סדרנו את צבי בבית חולים.

אשתי ואני ועוד חברים הגענו בערב ללידה. למחרת הלכנו לליפנישוק.

הדרך באותו זמן היתה מסוכנת. הפולנים הלבנים שוטטו שם והתנכלו ליהודים. הלכנו לעיירתנו כדי להשיג מזון לצבי ולנו. בלידה שרר רעב. הגענו לליפנישוק ומצאנו בה תוהו ובוהו. אין להכיר את העיירה. הכל הרוס, הבתים שרופים, החנויות הרוסות למחצה. ראיתי כמה נוצרים מכרים, ששאלו אותי: „אתה חי?" הם לא יכלו לתאר לעצמם שיהודי ישאר בחיים. את החנות והבית שלנו לא יכולתי להכיר. פתאום אני רואה דמות בין החנויות ההרוסות. התקרבתי אליה. ובטרם אמרתי מלה פרצנו שנינו בצעקות: „רייזה! חיים!" רייזה, בעלה ובתם ניצלו ובינתיים ישבו בחנותם ההרוסה. אחרי זה הלכתי לרמוק ברחוב הטחנה (מיל גאַס) להשיג קצת מזון. הייתי אצל כמה נוצרים מכרים. קבלתי מזון, נפרדתי מרייזה וחזרתי עם אשתי ללידה. שם שמענו שצבי נפטר.

אחרי כמה ימים נסענו לאיבניץ. שם היו חברים שלנו מהפרטיזנים שהסתדרו במקום. בינתיים הסתדרנו גם אנו בעבודה. אגב, בדרך לאיבניץ בתחנת הרכבת של וולוז'ין פגשתי את זיידל סטרודובסקי, בעלה של יורה, אחותו של בנימין פוחוביצקי. הצעתי לו שיסע אתנו יחד לאיבניץ, נסתדר ושם נראה מה לעשות. הוא לא רצה, ונפרדנו. נסענו לאיבניץ. אחרי זמן מה נסענו עם חברינו מהפרטיזנים לפולין ומשם לישראל.

**שימקע בשיסט**

## זכרונות פון מיין געבורטס שטעטל

איך, שימקע יואל משה׳ס, געבוירן אין 1899, געהייראַט אין לידע אין יאָר 1921. ליפּנישאָק איז פאַר מיר געווען ליב און טייער; דאָרטן האָבן רויִק געלעבט מיינע עלטערן, מיינע שוועסטער און מיין ברודער. איך געדענק נאָך אַלע עלטערע מענטשן, חברים פון מיין זיידע אברהם, וועלכע האָבן רויִק אויסגעלעבט זייערע יאָרן. ווען עס פלעגט קומען שמחת־תורה און אַלע זיינע חברים פלעגן ביי אונדז אין שטוב צוזאַמען קומען: פייבל מגיד, איסר דער סטאָלער, ווי מען פלעגט אים רופן, אהרן ציעסנעס און יוסף דער הראַדניקער, הירשל יחיאל׳ס — שפּעטער קראַכמאַלניקס שווער מיטן רב שאַצקעס בראש. איך גלויב, אַז פון די אַלע וואָס איך האָב דאָ אויסגערעכנט געפינען זיך דאָ אין לאַנד זייערע אייניקלעך. די מענטשן זענען מיר געבליבן שטענדיק אין מיין זכרון, און איך געדענק, ווי איין מאָל אין שמחת־תורה האָט יוסף דער הראָדניקער זיך אויפגעשטעלט און געזאָגט: „ס׳וועט קומען אַ צייט ביי אונדז ווען עס וועט פאַרבלייבן איינער פון אַ משפּחה און 2 פון אַ שטאָט”. נאָכדעם האָבן די ווערטער מיר פאַר־פאָלגט אַלע מיינע יאָרן. ליידער איז דאָס געווען נאָך ערגער: עס זענען אָפּגעמעקט געוואָרן גאַנצע פאַמיליעס.

אין 1941, ווען עס איז אויסגעבראָכן די דייטשע־רוסישע מלחמה, גלייך אין ערשטן טאָג, איז מיין שטאָט לידע חורב געוואָרן. איך מיט מיין מאַן און 2 קינדער זענען געגאַנגען צופוס קיין ליפּנישאָק. אָנקומנדיק האָבן מיר געפונען ליפּנישאָק טיילווייז פאַרברענט. וועגן מיינע טייערע און נאָענטע איז גאָר ניט קיין פראַגע, אַז זיי האָבן מיר וואַרעם אויפגענומען. מיר זענען דאָ געווען 6 וואָכן. מען האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַ געטאָ אין איוויע, און אַז די ליפּנישקער וועט מען שיקן קיין איוויע. פאַר־שטענדלעך, אַז יעדער איינער האָט געוואָלט בלייבן אויפן פּלאַץ. די ליפּ־נישקער האָבן אויסגעקליבן ציטווייליק אַ יודן־ראַט, און איך, הערשל וויינשטיין, משה לוין או קראַכמאַלניק, זענען מיר געפאָרן אין לידע צום געביטס־קאָמיסאַר, בעטן מען זאָל שאַפן אין ליפּנישאָק אַ געטאָ. ליידער איז אונדזער בקשה געווען אַן ערפאָלג.

מיר מיט מיין פאַמיליע האָט מען צוריק געשיקט אין לידער געטאָ, מיט גרויסע שוועריקייטן האָט מען געפועלט, אַז מיין שוואָגער נפתלי מיט זיין פאַמיליע זאָלן קענען זיין אין לידער געטאָ. מיין שוואָגער איז געווען זייער פאַרצווייפלט און הילפלאָז; ער איז געווען אין אַ צווייטן געטאָ. — אין לידע זענען געווען 3 געטאָס. דעם 8־טן מאַי, 1942, איז נפתלי אויפ־געשטאַנען 12 ביינאַכט, און זיך געשטעלט זאָגן וידוי. די אַלע וועלכע זענען געווען מיט אים האָבן אים געפרעגט פאַר וואָס ער טוט דאָס, האָט ער זיי געענטפערט, אַז אין ליפנישאָק האָט געלעבט אַ ייד, מען האָט אים גערופן „דער ווילנער", און ער איז אים געקומען אין דער נאַכט אין חלום און אים געהייסן זאָגן וידוי, „ווייל היינט גייט איר אַלע אויף קידוש השם". ער האָט גענומען זיינע 2 מיידעלעך, שרה'לע 11 יאָר אַלט און רייכעלע 8 יאָר, האָט זיי אַריינגעזעצט אין קעלער און האָט זיי געבעטן זיי זאָלן ניט וויינען, און ווען ס'וועט ווערן רויִק זאָלן זיי גיין צו מיר אין געטאָ. די קינדער האָבן אָנגעהויבן צו וויינען. פאָטער, האָבן זיי זיך געבעטן, וואָס עס וועט זיין מיט אייך אַלעמען וועט זיין מיט אונדז, מיר ווילן מיט אייך גיין. ליידער איז דאָס אַזוי געווען. אַ ווילנער ייד, וואָס איז צוזאַמען מיט זיי געווען אין געטאָ און איז געבליבן ביים לעבן, האָט עס מיר אַלץ דערציילט. מיינע אַלע טייערע, מיינע עלטערן, מיין ברודער און זיין פאַמיליע, זענען אומגעקומען אין איוויער געטאָ. מיין שוועסטער גאָלדע, איר מאַן און 3 קינדער זענען אומגעקומען אין איינע פון די אַקציעס ניט ווייסנדיק ווו און ווען.

און איבערבלייבנדיג נאָך דער גרויסער שחיטה האָב איך באַשלאָסן: נאָך אַ מאָל וועט מען מיר ניט פירן צו די גריבער! איך בין געווען גרייט צו פאַלן אפילו ביים טויער פון געטאָ, ווייל פאַר מיינע אויגן האָב איך געזען ווי מען האָט קינדער ביז 11 יאָר געוואָרפן לעבעדיקע אין די גריבער, און דער געוויין פון די אומשולדיקע קינדער האָט בעדאַרפט דערגיין ביזן הימל. מיין גאַנצן לעבן וועל איך ניט פאַרגעסן ווי אַ דייטש האָט געשלעפט אַ קינד פאַר אַ פיסל און אַריינגעוואָרפן אין גרוב, און שפעטער האָבן זיי פאַרשאָטן די קינדער־גריבער מיט וואַפנע.

איך האָב געזען, אַז מיר האָבן אַלע פאַרשפילט דעם לעבן, און דאַן האָב איך באַשלאָסן צו אַנטלויפן פון געטאָ צו די פאַרטיזאַנער און גאָט צו

דאַנקען עס האָט מיר מיט מיין מאַן און קינדער אָפּגעגליקט און מיר זענען געבליבן לעבן.

דעם 17־טן אויגוסט, 1944, האָבן מיר זיך באַפרייט און אַרויס מיט די פּאַרטיזאַנער פון וואַלד. איך בין גלייך צומאַרגנס אַוועק קיין ליפּנישאָק, ליידער האָבן מיר קיינעם ניט געפונען, נאָר אַש. איך בין אַוועק אויף די פּלעצער פון מיינע נאָענטע און האָב געוויינט. דאַן איז אָנגעקומען אַ גוי און האָט מיר געזאָגט אַז ס'איז געבליבן לעבן, רייזע — די אַלטע חזנט'ס, זי געפינט זיך אין די קראָמען. איך בין אַוועק אַהין, און האָב אָנגעפאַנגען צו רופן: „רייזע, עס רופט דיר שימקע יואל משה'ס, גיי אַרויס". איך האָב געהערט אַ ספּאַזמאַטיש געוויין, און עס האָבן אָנגעפאַנגען צו פאַלן ברעטער מיט טישן, מיט וואָס זיי האָבן זיך פאַרבאַריקאַדירט געגן די ווייסע פּאָליאַקן. זי איז אַרויס און מיר געפאַלן אויפן האַלדז און געזאָגט: „דו האָסט ניט קיינעם פון דיין משפחה, מיר וועלן זיין שוועסטער!".

דאָס איז אַלץ אַ קליינער פּראָצענט פון מיינע איבערלעבענישן, פון אונדזערע ליידן אין געטאָ, צוקוקנדיק ווו מען שעכט אומשולדיקע קינדער מיט עלטערן, ווי מען מאָרדעט אַלטע און שוואַכע און פון אונדזערע ליידן און איבערלעבענישן אין וואַלד מיט די פּאַרטיזאַנער. אייביק וועלן מיר ניט פאַרגעסן אונדזער טרויער און אונדזערע קינדער און קינד'ס קינדער זאָלן קעמפן און געדענקען אַז דאָס אַלץ איז אונדז געקומען, ווייל מיר האָבן ניט געהאַט קיין אייגן לאַנד.

חיים בשיסט

# ליפנישוק ותקופת הפרטיזנים

כשהסובייטים התבססו באיזור הכיבוש בפולין המזרחית, החלו אנשי המשטר לטהר את האזור מאלמנטים בלתי רצויים, כגון קאפיטאליסטים לשעבר, ומן היהודים — גם ציונים — והגלום לסיביר. אבי ז״ל, שהיה ציוני מנעוריו ופעיל בתנועת המזרחי, חשש בצדק, שהטיהור עלול לפגוע בו ובמשפחתו, ולכן שלח אותי ב־15.6.41 לסבא יואל משה בליפנישוק, ואני אז בן 13.

בליפנישוק הרגשתי טוב; היתה זו עיירה מסודרת, שוכנת בהצטלבות הדרכים לידה—איביה וקרובה לתחנת הרכבת, שדרכה אצו־רצו בלי הרף רכבות מערבה בכוון לאיזור הכיבוש הגרמני, ומזרחה — לרוסיה הגדולה. אולי לא הבינותי דיי, אבל לא הרגשתי את השינויים, שחלו בחיי הכלכלה של יהודי העיירה וערערו את יציבותה ואורח חייה. אולם לצעירים כמוני היתה הרגשת אהדה מצד השלטונות וחיבה מהחיילים הסובייטיים, שעמדו יומם ולילה עם נשקם הכבד כרחבת השוק. היינו נכנסים אתם בשיחות כשווים אל שווים, הסתובבנו ביניהם, והיתה לנו הרגשה של חופש מלא.

נוסף לכך אהבתי את הנוף הנהדר, במיוחד את הסטאַוו (הבריכה) הרחב, המלא מים, מכוסה עשבים גבוהים ופרחים. מתוך הבריכה בקע ועלה קרקור צפרדעים וגעגוע אווזי בר. כמעט בכל יום הייתי יוצא עם חכה לדוג דגים.

כרגיל יצאתי גם ב־22.6.41 בבוקר עם בנו של לייבקה יונה׳ס לדוג בפריסאדעס (שדרות) שעל יד הגשר הצר, במעבר לאחוזת הפריץ. פה היו המים עמוקים, ובהם התרכזו דגים רבים. זה היה היום האחרון הנעים והמאושר שנחרת בזכרוני מילדותי בליפנישוק. באותו בוקר, בין השעות 9—10, כשחזרנו מהדייג, הופתעתי לראות שהסובייטים סגרו את הרחוב ולא נתנו לעבור. החיילים שקודם לכן היו טובי לב, הפכו פתאום לנוקשים וחסרי סבלנות. צעקות וקללות מילאו את האויר.

בהגיעי לדודתי צירל, נודע לי שפרצה מלחמה בין רוסיה וגרמניה. היהודים היו אחוזי פחד; חבורות התקהלו ברחובות, הסתודדו וספרו כל

מיני שמועות. זה היה היום הראשון של המלחמה. למחרת ראינו את לידה בוערת. פליטים בעגלות, באופניים וברגל זרמו דרך העיירה מזרחה. באותו ערב הגיעו גם הורי ואחותי. הגרמנים התחילו להפציץ את העיירה, נשרף כל רחוב איביה, פצצה פגעה באייזיק האופה והרגה אותו. התושבים, ביחוד היהודים עזבו את בתיהם וברחו לשדות או לכפרים, לאיכרים מכרים.

אחרי ימים אחדים חזרו היהודים לבתיהם. שריפת הבתים גרמה לצפיפות, וכמה משפחות נאלצו לגור יחד בבית אחד. בימים הראשונים של הכיבוש לא נגעו הגרמנים לרעה ביהודי המקום, ורק הגויים אשר בעיירה ובכפרים התנהגו בגסות כלפי היהודים.

כעבור שבוע ארגנו הגרמנים את ה„פוליצייי" — משטרה פולנית־ביילורוסית, משרתי הנאצים. מיד התחילו להתאנות ליהודי העיירה. דרשו לספק להם עורות, מגפיים, נעליים וציוו לגלח את הזקנים. מיום ליום נעשו הגרמנים יותר אכזריים. באותם ימים הובילו הגרמנים אלפי שבויים רוסים, לבושי קרעים, רעבים וצמאים. יהודים יצאו לחלק להם לחם, אולם הגרמנים גרשום במכות. ביניהם היה סבי שהוכה בקת רובה על שחלק לחם לשבויים. מאחורי העיירה ירו הגרמנים בשבויים.

בדרך כלל לא היתה בהתחלה השמדה ממשית של יהודי העיירה, כמו שאירע בעיירות אחרות. יש לציין שהיהודים היו מאוחדים, והיתה דאגה משותפת לבוא לעזרת הזולת. כך, למשל, קרה, שזוג יהודים ברח מוילנה ללידה, ובעוברם את העיירה נתפסו ע"י המשטרה. בהגיע השמועה שעומדים להוציאם להורג, ניסתה קהילת ליפנישוק לפדותם בכסף ותכשיטים. המשטרה אמנם קבלה את הפדיונות הבטיחה להשאירם בחיים, אך למחרת רצחו אותם על יד הכפר שצ'יגאן.

ביום הכפורים התפללו מנינים בודדים בסתר. זכורני מנין אחד בבית ויינשטין, אם אינני טועה, באחד החדרים האחוריים. זאת לא היתה תפילה מתוך המחזור, אלא בכי ויבבה חרישית מתיפחת. יצאתי החוצה. השוק היה ריק מבני אדם. פתאום אני רואה גרמני רץ לקראתי בצעקות. ברחתי מאחורי הבתים, קפצתי מעל גדרות וגינות והוא אחרי. חציתי את הסימטה, ומאחורי הבתים של גול ופוחוביצקי התחבאתי בין הערוגות. שם שכבתי עד שהגרמני נעלם. שמחתי שלא נתגלה המנין בתפילתו.

אחרי החגים באה פקודה לצאת לגיטו איביה. היות ואנו לידאים, קבלנו רשות לחזור ללידה. אלינו הצטרפה משפחת דודתי צירל וינשטין.

בגיטו לידה עבדנו בבית מלאכה. השחיטה בלידה היתה ב־8 במאי, וימים אחדים אחרי השחיטה בלידה השמידו הגרמנים את יהודי גיטו איביה. לפני השחיטה ידענו על המתרחש בגיטו איביה. אחד מאנשי ה„יודנראט" של איביה היה מוסר לנו על הנעשה שם. כך נודע לנו ממקורות מהימנים שבשעת השמדת גיטו איביה, כשהובילו אותם לבורות, נצטוו היהודים לזחול על האדמה. דודי פסח החזיק על גבו ילד אחד, וילד שני היה על גבו של סבי יואל־משה. על שפת הבור נורו והושלכו לתוכו.

מהשחיטה הראשונה של גיטו איביה, שהיתה ב־12 במאי, 1942, נשארה בחיים משפחת דודתי גולדה. בנה אלתר עם קבוצת צעירים ברחו ליערות מורכן, ע"י הניימאן ורצו להתקשר עם פארטיזנים אולם לא הצליחו. היה זה חורף עז וקשה. חודשיים הסתובבו ביערות ברעב ובקור וחזרו לגיטו מאוכזבים. אלתר חזר ברגליים קפואות. אחרי זמן קצר שוב תכננו לברוח, אולם הקדים אותם ב־1943 הגרוש האחרון והסופי לבוריסוב שם מצאה את מותה דודתי גולדה ומשפחתה וביניהם בנה הצעיר, אלתר.

חדשיים אחרי השחיטה הראשונה בגיטו איביה הובאו משם ללידה כמה עשרות צעירים לעבודה, ביניהם צבי גוטלבסקי, יצחק לוין, חיים גולדשמידט ומולה, בנה בן ה־15 של דודתי גולדה. שמחתי לראות ניצולים אלה בגיטו. בביתנו, ברחוב כלודנה 15, הם מצאו בית.

למרות היחס העויין מצד רוב גויי הסביבה ליהודים, עלי להזכיר לטובה את דאליטקו יאש, ביילורוסי מהכפר שצ׳יגאן ליד ליפנישוק. הוא, בנו ובתו, סכנו את חייהם, חדרו לגיטו והגישו עזרה למשפחתנו, מזון ואפילו 2 רובים וכדורים הביאו לנו. הנשק עזר לנו להגיע ליערות ולהצטרף לפרטיזנים. יזכרו לטובה ולברכה.

בלילה הראשון של פסח, בשנת 1943, ברחנו מן הגיטו והגענו לפלוגת ביילסקי שחנתה אז בקרבת הויטה־שקלננה ע"י הניימאן, ביער סטאראיה־הוטה. כאן נדהמנו לראות את חיי החופש של הפרטיזנים. יהודים מאורגנים, מזוינים ומבצעים פעולות נגד הגרמנים ועוזריהם, נגד מרגלים ומלשינים מן הכפרים, שהתנכלו ליהודים, גם לנשים וילדים, לתפוס אותם ולהרגם או לגלות לגרמנים את מקום מחבואם. כאן ביער נשמנו לרווחה, ולראשונה ראינו, שגם אנו יכולים להיות בני אדם גאים, יהודים זקופי קומה. כחודשיים לאחר בואנו הגיעו ליער והצטרפו לאותה

פלוגת ביילסקי חיים גולדשמידט וצבי גוטלבסקי, או כפי שקראנו לו — „הירשקע". אחר כך היה הירשקע מפקד כיתה והיה חבר המפקדה.

הפלוגה שלנו היתה יהודית; אלה היו יהודי לידה והסביבה, זקנים, נשים וטף, וגברים צעירים שואפי חיים ונקם, חמושים ברובים ותת־מקלעים, ובראשם מפקדם, ביילסקי, שהגנו על הנשים, הזקנים והילדים, וספקו להם אוכל ובגדים ומקום מחסה. כך נדדנו במשך שנתיים ממקום למקום, בגשם, ברוח, בבוץ, בשלג ובכפור. ביניהם היינו אני ומשפחתי והיהודים מאנשי ליפנישוק הנזכרים לעיל.

בגלל לחץ הגרמנים והמשטרה הביילורוסית, ובפקודת המטה הכללי של הפרטיזנים, עברנו ליערות מיר. שם ישבנו חדשים. גם שם התחילו הגרמנים לסרוק את היערות. הלחץ עלינו היה קשה. זקנים, אמהות שבזרועותיהן נשאו פעוטות, היו נאלצים לנדוד בעבי היער, בתוך ביצות — מקומות שהגרמנים פחדו לחדור אליהם. נדדנו תחת מטר יריות, ובהתאם לטקטיקה הפרטיזנית היינו מתפזרים ומתפצלים לקבוצות קבוצות למרחק קילומטרים, ושוב נפגשנו יחד, כל פלוגת ביילסקי, בסביבות נובוגרודק.

לקראת החורף עברנו לסביבת מיר, ליערות נליבוקי, וכך היינו מטעים את הגרמנים תוך התקפות או פגיעות „פגע וברח" עד שהתחמקנו מהמצוד הגדול שערכו עלינו.

שוב בא הסתיו, והתקרב החורף. התחלנו לדאוג לאגירת מזון ואז נשלחתי להשיג תפוחי אדמה, ירקות ובשר. יצאנו בשיירה של עגלות וסוסים לכוון נליבוקי. בסביבה זו שרפו הגרמנים כפרים והרגו את תושביהם והצעירים והנשים נשלחו לגרמניה לעבודת כפייה, כעונש על שיתוף פעולה עם הפרטיזנים. כך נשארו השדות והגנות מלאים תפוחי אדמה וירקות. אנו פנינו גם לכפרים הפרו־גרמניים והוצאנו משם פרות, כבשים וחזירים. בחזרה היתה הדרך קשה. העגלות שהיו עמוסות תוצרת חקלאית היו שקועות בבוץ. גשם חזק ירד ללא הרף, וכשהתקרבנו למחננו הקדימה אותנו קריאה של משמר מזוין: „עמוד, מי הולך?". הכרתי את קולו של הירשקע. בקטע זה היה הוא אז מפקד השמירה. נחנו, והוא דאג לכך שנחזור יחד למחנה. אני זוכר שישבנו יחד זמן ממושך. דברנו על העבר שלנו, על העיירה ועל אלה שלא נשארו בחיים, ושוב נפרדנו כל אחד לאהלו. פעם בעת קרב, לקח הירשקע כשלל מקלע, שנפגע מכדור. ואני,

שעבדתי אז בתיקון הנשק, תיקנתי את המקלע, ששימש מאז להירשקע כנשק אישי.

בחודש יוני 1944 התקרבה החזית מערבה, אלינו. הגרמנים נסוגו בדרכים ובשדות. זה כבר לא היה אותו צבא מסודר, מצוחצח וממושמע; מלוכלכים ורצוצים נסוגו. אולם בשבילנו, הפרטיזנים, היו ימים אלה מסוכנים ביותר. יום אחד קבלנו ידיעה שיחידה גרמנית בגודל של בטליון עורכת מצוד עלינו וכדי להבטיח את דרך נסיגתם מנסים חיילי היחידה לפרוץ לתוך המחנה שלנו. הגברנו את השמירה, שמנו מארבים והיינו בכוננות מלאה.

הירשקע היה עם כתתו במארב קדמי מול הגרמנים. ביניהם התפתח קרב קשה. היחידה הגרמנית היתה חזקה יותר. הם כרצו לתוך מחננו וגרמו לנו כ־15 אבידות. אחרי מאמץ רב ותגבורת של פרטיזנים, הצלחנו להתגבר עליהם ולחסל אותם ולידינו נפל שלל רב. אז שמענו שהירשקע נפצע. פצעו לא היה אנוש, טיפלנו בו במידת האפשר בתנאים של הימים ההם. את הפצועים, ביניהם הירשקע, הובלנו על עגלות. שבוע הלכנו ברגל, וכל פעם שאלתי אותו מה שלומו. שבוע שלם ניתך גשם עד שהגענו לנובוגרודק. שם השארנו אותו בבית החולים המקומי.

אחרי השחרור, כשחזרנו ללידה, שמעתי שהירשקע מת מפצעיו.

הירשקע גוטלבסקי הי"ד, היה בחור רחב גרם בריא בנפשו ובגופו ובעל בטחון, חברותי, עליז ומוכן תמיד לעזרת הפרטיזן. הוא עוד הספיק לנקום בחייו את דמם של יהודי ליפנישוק.

מאיר לעווין, אַמעריקע

# דער טראַגישער סוף

## מיר פאַרלאָזן ליפּנישאָק

דעם 19־טן סעפּטעמבער, 1941 האָבן אַלע יידן פון ליפּנישאָק געמוזט פאַרלאָזן דאָס שטעטל און גיין צופוס קיין איוויע. נאָר קראָכמאַלניק, דער אַפּטייקער און זיין פרוי חיה־מערקע זענען געבליבן אין ליפּנישאָק און פאַרגעזעצט אַרבעטן אין אַפּטייק.

אין איוויע האָבן די דייטשן נאָמינירט אַ יידן־ראַט און אַ יידישן קאָ־מענדאַנט וועלכע זענען געווען די פאָרשטייער פון דער יידישער באַפעל־קערונג, און וועלכע האָבן איינגעטיילט וווין־פלעצער אַלע פאַמיליעס וועלכע זענען אָנגעקומען קיין איוויע.

אונדזער פאַמיליע האָט באַקומען אַ וווינונג אין פערד־מאַרק־גאַס צוזאַמען מיט נאָך אַ פאַמיליע פון אונדזער שטעטל. די דייטשן האָבן קאָנ־צענטרירט אין איוויע אַלע יידן פון דער אַרומיקער געגנט, וועלכע זענען געגאַנגען אַרבעטן יעדן טאָג אין פאַרשידענע פלעצער. איך און מיין טאַטע האָבן געאַרבעט אין איוויער טאַרטאַק.

## מיר גראָבן גריבער

דעם 11־טן מאַי אין אָוונט, האָט דער יידישער קאָמענדאַנט געמאָלדן, אַז די דייטשן פאָדערן אַ גרופּע פון יונגע מענער צו דער אַרבעט... זיי האָבן אויך געהייסן מיטברענגען רידלען. איך בין געווען איינער פון דער גרופּע. מיר זענען געגאַנגען דורך בערנאַרדינער גאַס, פאַרביי דעם מיל און ווייטער מיט דער הויפּט וועג ביז 3 אָדער 4 ק״מ פון איוויע. אַ גרויסע גרופּע דייטשישע סאָלדאַטן האָבן אונדז בעגלייט ביז דעם באַשטימטן פּלאַץ. דאָ האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז אונדזער אויפגאַבע איז צו גראָבן גריבער, ויעלכע זענען שוין געווען פּלאַנירט און אויסגעמאָסטן ווי לאַנג און ווי ברייט זיי דאַרפן זיין. מיר האָבן אָנגעהויבן צו גראָבן ניט וויסנדיק אַז דאָס דאַרפן זיין קברים פאַר אַ סאַך פון אונדזערע ליבסטע און טייערסטע אין לעבן. אַ גרויסער טייל פון די גרעבערס זענען צומאָרגנס דערשאָסן און באַגראָבן געוואָרן אין די זעלבע גריבער, וואָס זיי האָבן אַליין אויסגעגראָבן.

װען מיר זענען צוריקגעקומען אַהיים, זענען מיר געװען זייער אומ־רויק. די לאַגע אין שטעטל איז געװען זייער אָנגעשטרענגט, װייל מ׳האָט געװוּסט אַז עפּעס דאַרף פּאַסירן. מען איז געלאָפן צום יידן־ראַט און צום קאָמענדאַנט, װעלכע האָבן פאַרזיכערט אַז ס׳װעט גאָרניט פּאַסירן. דאָך איז מען פאַרבליבן אומרויק װייל מ׳האָט געזען װי ס׳דרייען זיך אַרום גרויסע דייטשע פּאַטראָלן אַ גאַנצע נאַכט אין די גאַסן פון שטעטל. עטלעכע פאַמי־ליעס האָבן זיך באַהאַלטן אויסער דער שטאָט און טראָץ דעם װאָס ביי אַלעמען האָט געהערטש דאָס געפיל, אַז עפּעס װעט פּאַסירן, האָט מען זיך ניט געקענט פאָרשטעלן אַז עס ערװאַרט אונדז אַזאַ שוידערלעכע אַקציע און אַזאַ שרעקלעכער מאַסן־מאָרד.

## די ערשטע אַקציע

דעם 12־טן מאַי זייער פרי האָבן דייטשע סאָלדאַטן און ז׳אַנדאַרמעריע באַפוילן אַלע יידן, פון קליין ביז גרויס, אַרויסגיין אויפן מאַרק זיך רעגיס־טרירן. קראַנקע מענטשן און אינװאַלידן, װעלכע האָבן ניט געקענט מיטגיין, זענען דערשאָסן געװאָרן אויפן פּלאַץ אין די הייזער.

אויפן מאַרק זענען אַלע אויסגעזעצט געװאָרן אויף די קני. דער גרויסער פּלאַץ איז געװען אַרומגערינגלט מיט טאַנקן, מאַשין־געװער און אַ זייער גרויסער צאָל סאָלדאַטן. משפחות, משפחות, איז מען געװען אויסגעזעצט אויף די קני און מ׳האָט געװאַרט. אויף װאָס מען האָט געװאַרט? קיינער האָט ניט געװוּסט. נאָר אַ שרעקלעכער געפיל האָט געפייניקט די גרויסע מאַסע פון טויזנטער יידן, װעלכע זענען געזעסן װי פאַרגליװערט. אַ טויטע שטיל־קייט האָט געהערשט אַרום און אַרום. די לופט איז געװען אָנגעזאַפּט מיט אַ מאַסיװער און שטיקנדער פיינלעכקייט. מען האָט ניט געהערט קיין זיפץ און אפילו ניט קיין געװיין פון קליינע קינדער. די הערצער פון קליין און גרויס זענען געװען פאַרשטיינערט. פון װייטן האָבן מיר געזען װי מען שטעלט אויס די מענטשן אין שורות, און גרופּנװייז, באַװאַכט און אַרומגע־רינגלט מיט סאָלדאַטן, האָט מען זיי געפירט אין דער ריכטונג פון בערנאַר־דינער גאַס. אַזוי זענען אַלע יידן געגאַנגען ביז ס׳איז אויך דערגאַנגען צו אונדז. אין דער צװישן־צייט האָבן מיר שוין געהערט שיסערייען און שרעק־לעכע געשרייען. דאַן האָבן מיר שוין פאַרשטאַנען װאָס עס קומט פאַר און װאָס פאַר אַ גורל עס ערװאַרט אונדז. מען פירט אונדז צום טויט!

מיר זענען געגאַנגען רויק, משפחות־ווייז, האַנט ביי האַנט. אָן געוויין און אָן געשרייען. מען טאָר ניט וויינען, מען טאָר ניט לאַכן, מען טאָר ניט קוקן לינקס אָדער רעכטס. מען טאָר ניט שטערן די ווונדערבאַרע דייטשע אָרדנונג, אין געגן־פּאַל ווערסטו כאַפּן אַ שטאָך פון אַ באַגנעט, אָדער אַ זעץ מיטן ביקס. און אַזוי זענען מיר דערגאַנגען ביז דעם פּלאַץ ווו עס איז געשטאַנען אַ גרופּע פון דייטשע אָפיצירן. איינער פון זיי האָט געוויזן מיט זיין שטעקעלע אויף יעדן איינעם פון אונדז, אין וועלכער ריכטונג ער דאַרף גיין. „רעכטס", „לינקס" און „גראַדע־אויס". מיט זיין שטעקעלע האָט דער נאַצישער מערדער באַשטימט דעם גורל פון טויזנטער מענטשן.

מיר האָבן נאָך דאַן ניט געוווּסט די באַדייטונג פון די דריי ריכטונגען, וועלכע פון זיי איז צום טויט און וועלכע צום לעבן. אָבער אין אַ פּאָר מינוטן שפּעטער האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז „גראַדע־אויס" איז צום טויט. ווען די יידן, וועלכע זענען געשיקט געוואָרן גראַדע־אויס אין בערנאַרדינער גאַס האָבן נאָר געמאַכט עטלעכע טריט, האָט מען זיי באַלד אָנגעפאַנגען שלאָגן און שטופּן. זייערע גוואַלדן האָבן זיך אויסגעמישט מיט די שיסע־רייען, וועלכע מיר האָבן געהערט פון ווייטן. די געשרייען און די גוואַלדן זענען געוואָרן אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער, וועלכע זענען, ווייזט אויס, געווען פון דער ערשטער גרופּע, וועלכע איז אָנגעקומען צו די גריבער און מ׳האָט זיי דאָרטן דערשאָסן. נאָכדעם האָבן זיך פאַרשטאַרקט די שי־סערייען און די גוואַלדן זענען אַלץ שוואַכער און שוואַכער געוואָרן, ביז זיי זענען אין גאַנצן איינגעשטילט געוואָרן. אַזוי האָבן זיך די שיסערייען נאָך געצויגן שטונדן לאַנג ביז די דייטשן האָבן געענדיקט זייער גרויזאַמע און בלוטיקע אַקציע.

די לעבן פאַרבליבענע משפחות האָבן פאַרלאָרן אַ טייל פון זייערע נאָענסטע און ווען ניט ווען האָט אויסגעבראָכן אַ האַרצרייסנדער שטילער געוויין. אַלע זענען געשטאַנען פאַרגליווערט, און מיר דאַכט זיך אַז ווען מ׳וואָלט געשניטן אונדזער פלייש וואָלט קיין בלוט ניט גערונען. מיר האָבן נאָך ניט געוווּסט וואָס עס ערוואַרט אונדז, און וואָס וועט זיין אונדזער גורל. דאַן איז געקומען דער קאָמענדאַנט פון יידן־ראַט און אונדז געהייסן צוריק גיין אין אונדזערע וווינונגען.

אונדזער משפחה איז דאָס מאָל דורכגעגאַנגען בשלום און קיינער האָט ניט געפעלט. גייענדיק צוריק אַהיים האָבן מיר געזען אין די גאַסן אַ סאַך

בלוט פלעקן, פערשיידענע זאַכן, שיך און קליידער האָבן זיך געוואַלגערט אין אַלע זייטן. דער צעמענט איז געווען רויט און פאַרגאָסן מיט בלוט. ווו ניט ווו זענען נאָך געלעגן טויטע קערפּער, וועלכע מ׳האָט נאָך ניט באַוויזן אַוועקצונעמען. מיר זענען געקומען צוריק אין אונדזער אַלטע וווינונג. די משפּחה וועלכע האָט געוווינט מיט אונדז איז ניט צוריק־געקומען. זיצנדיק צוריק אין די הייזער האָבן זיך די איבערגעבליבענע משפּחות אַ ביסל אויפגעמונטערט, דאָס פאַרגליווערטע בלוט האָט לאַנגזאַם ווידער אָנגעהויבן פליסן, די געפילן וועלכע זענען אינגאַנצן פאַרשטיינערט געוואָרן, האָבן זיך ווידער אויפגעוועקט, און דער מוח, וועלכער איז ווי פאַרטעמט געוואָרן, האָט ווידער אָנגעהויבן צו טראַכטן. די מענטשן האָבן גענומען באַטראַכטן וואָס עס האָט מיט זיי פּאַסירט. ערשט דאַן האָבן זיי גענומען פאַרשטיין דעם גרויסן אומגליק וואָס האָט פּאַסירט. ערשט דאַן האָבן זיי אָנגעהויבן צו באַגרייפן די שרעקלעכע שחיטה. מ׳האָט גענומען זוכן זייערע טייערסטע און נאָענטע; דער די קינדער, דער די עלטערן, און דער זיינע שוועסטער און ברידער. מ׳האָט נאָך אַלץ ניט געקענט גלויבן אַז דאָס אַלץ האָט באמת פּאַסירט, און אַז זייערע נאָענטסטע וועלן שוין קיין מאָל ניט צוריק קומען, ווייל זיי זענען שוין אַלע טויט.

נאָך אין דעם זעלבן אָוונט האָבן די דייטשן ווידער אויסגעקליבן אַ גרופּע מענער צו דער אַרבעט, און זיי ווידער געהייסן מיטברענגען רידלען. איך בין אויך דאָס מאָל געווען איינער פון דער גרופּע. מיר האָבן שוין געוווּסט וווּהין מיר גייען. די גאַנצע וועג איז געווען פול מיט צייכנס פון דער גרויזאַמער טראַגעדיע, וועלכע האָט זיך אָפּגעשפּילט. קליידער, שיך און פאַרשיידענע זאַכן זענען געלעגן צושפּרייט, און אַ ליניע פון זאַמד־איינגעזאַפּטן בלוט, לענג אויס דעם גאַנצן וועג, האָט אונדז געפירט ביז צו די גריבער. ווען מיר האָבן זיך דערנענטערט צו די גריבער, האָבן מיר געהערט געוויין און הילף־רופן פון פאַרוווּנדעטע און האַלב טויטע מענטשן, די לאַנגע גריבער זענען געווען אָנגעפילט מיט טויזנטער טויטע מענטשן, און ווו ניט ווו האָט זיך אויפגעהויבן אַ האַנט, אַ קאָפּ, אָדער אַ האַלבער קערפּער און געבעטן הילף. די אָנגעקומענע אַרבעטער האָבן גענומען לויפן צו די גריבער און זוכן זייער פאַרלאָרענע קרובים. אַ טייל האָבן דערקענט זייערע עלטערן, שוועסטער און ברידער. און זיי האָבן אָנגעהויבן וויינען און שרייען. די פּאַניק איז געווען גרויס. די דייטשע סאָלדאַטן האָבן גענומען

שטופן און טרייבן די אַרבעטער, וועלכע זענען געשטאַנען און באַוויינט זייערע נאָענטע. אַלע קרבנות זענען געווען נאַקעט, און אַ טייל פון זיי זענען געלעגן ביי די ברעגן פון די גריבער. מיר זענען געווען געצווונגען צו טרעטן מיט אונדזערע שמוציקע שיך אויף די נאַקעטע קערפער פון אונדזערע קרובים און בעסטע פריינט. מיר האָבן ניט געהאַט קיין אַנדער אויסוועג, ווייל די האַלב־פאַרשיכורטע סאָלדאַטן האָבן אונדז געטריבן און געיאָגט, און ווער ס׳האָט זיך צוריקגעהאַלטן האָבן זיי אויפן פלאַץ דערשאָסן. מיר האָבן אָנגעהויבן אויסלייגן די קערפער אין די גריבער, אַזוי ווי די דייטשן האָבן געהייסן: אַ קערפער אויף אַ קערפער. אין מיטן גרוב העכער און ביי די זייטן נידעריקער, עס זאָל האָבן דעם אויסזען ווי אַ ריזיק גרויסער קבר. מיר האָבן געמאַכט אונדזער אַרבעט מעכאַניש, ווייל אונדזער בלוט איז געווען פאַרגליווערט און אונדזערע געפילן אינגאַנצן אָפגעטויט. די דייטשן האָבן אונדז געשטופט מיר זאָלן אַרבעטן שנעלער און מיר האָבן געמאַכט אַלץ וואָס זיי האָבן געהייסן ווי אָטאָמאַטן. נאָכן אויסלייגן די קערפער, האָבן די דייטשן געבראַכט פעסער מיט כלאָר, מיט וועלכע מיר האָבן באַשאָטן די נאַקעטע קערפערס און נאָכדעם האָבן מיר אָנגעהויבן צו פאַרשיטן מיט באָדן די גריבער. דאָס איז געווען דאָס לעצטע מאָל וואָס מיר האָבן געזען אַ סאַך פון אונדזערע נאָענטסטע און בעסטע פריינד אין לעבן.

ווען מיר האָבן געענדיקט די אַרבעט און מיר האָבן אויפגעהויבן אונדזערע קעפ זיך אַרומקוקן, האָבן מיר ערשטענס באַמערקט די גרויסע קופעס אויסגעסאָרטירטע זאַכן. פרויען־זאַכן באַזונדער, מענער־זאַכן באַזונדער, שיך, זייגערס, גאָלד און גאָלדענע ציינער, אַלץ אין באַזונדערע קופעס. די דייטשן האָבן דאָס ניט געמאַכט, זיי האָבן געצווונגען די אומגליקלעכע קרבנות זיך אויסטאָן נאַקעט, נאָכדעם אַלץ אַוועקלייגן יעדע זאַך אויף זיין פלאַץ, און נאָכדעם גיין צו די גריבער ווו מ׳האָט זיי דערשאָסן. אַזאַ סאַדיסטישן אָרגאַניזירטן מאַסן־מאָרד, וועלכן דער שטן אַליין וואָלט ניט געקענט בעסער אויספלאַנירן און אָרגאַניזירן, האָבן נאָר די דייטשע באַרבאַרישע מערדער געקענט אויספירן! זיי האָבן פלאַן־מעסיק צובראָכן ביי זייערע קרבנות יעדן ווילן פון ווידערשטאַנד און האָבן נאָכדעם געטאָן מיט זיי וואָס זיי האָבן נאָר געוואָלט. מיר זענען געווען די איינציקע, וואָס האָבן דאָס אַלץ געזען, און ביז היינט קען איך ניט פאַר־

שטיין, פאַר וואָס די דייטשן האָבן אונדז דאַן איבערגעלאָזן ביים לעבן. איך גלויב, אַז דאָס איז געווען נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען שוין געווען פאַר־שיכורט און מיד פון אַזאַ שרעקלעכן מאַסן־מאָרד. לויט דער מעלדונג פון יידן־ראַט האָבן די דייטשן אין דעם טאָג דערשאָסן ביי 7000 מענטשן. שפעטער האָבן מיר זיך דערוווּסט, אַז אין די אַנדערע שטעט האָט מען דערשאָסן אַלע מענטשן וועלכע האָבן פאַרשאָטן די גריבער. מיט אונדז האָט פאַסירט אַ נס, וואָס מ׳האָט אונדז צוריק געבראַכט אין שטעטל און געשיקט אַ היים.

די מאַמע האָט מיר שוין אָפּגעוויינט, און ווען זי האָט מיר דערזען צוריק אין שטוב, איז ביי איר געווען ווי זי וואָלט מיר געזען צוריק קומען פון יענער וועלט. נאָך היינט, ווען איך טראַכט וועגן יענע שווידערלעכע איבערלעבענישן, ווי אַזוי איך האָב געדאַרפט פאַרשיטן נאָך האַלב לעבע־דיקע מענטשן, ווען מיינע הענט, מיינע זאַכן, און מיינע שיך זענען געווען פאַרפלעקט אין בלוט פון קרובים, פריינט און באַקאַנטע, קען איך ניט פאַרשטיין ווי אַזוי איך בין געבליבן ביים קלאָרן געדאַנק און האָב געהאַט די גייסטיקע און פיזישע קרעפטן אויסצוהאַלטן אַזוי פיל שרעק, פיין און ערנידערונג, וועלכע איך האָב נאָך דורכגעמאַכט ביי די נאַצישע רוצחים אין פאַרלויף פון אַזאַ לאַנגער צייט.

## דער געטאָ אין איוויע

דעם 13־טן מאַי האָט דער יידן־ראַט צונויפגערופן אַלע יידן, און זיי געמאָלדן אַז זיי דאַרפן זיך אַריבערציען אין געטאָ וועלכן די דייטשן האָבן באַשטימט פאַר די לעבן־געבליבענע יידן אין איוויע. פון דעם טאָג וועלן די יידן דאַרפן וווינען אין אַ פאַרמאַכטן וווינונגס־קוואַרטאַל, און וועלן זיך שוין ניט קענען באַוועגן אַזוי פריי ווי פריער. נאָך די שווידערלעכע איבער־לעבענישן פון נעכטיקן טאָג, איז מען געווען גלייכגילטיק און עס האָט קיינעם ניט געאַרט וואָס מ׳גייט טאָן מיט אונדז. במילא זענען שוין געווען די גאַסן און די גרעסטע טייל הייזער ליידיק און פוסט. דער געטאָ האָט זיך געפונען אין אַ טייל פון נאָוואָראָדקער גאַס און איןביידע זייטן פון דעם מאַרק. מיר האָבן געוווינט אין הויז פון אונדזער קרוב יחיאל באַקשט, צוזאַמען מיט לייזער קאַרקלינסקי און זיין פאַמיליע. מיר האָבן אָנגעהויבן אַרבעטן און דער ספּעציפישער געטאָ־לעבן האָט ווידער פאַרגעזעצט זיין

גאַנג. די שווערע ווונדן פון דער שרעקלעכער אַקציע זענען אָבער אַזוי גיך ניט פאַרגליווערט געוואָרן, איבערהויפּט ביי די פאַמיליעס, וועלכע האָבן פאַרלוירן זייערע נאָענטסטע און טייערסטע. דער געפיל פון אומזיכערקייט האָט געעקבערט ביי יעדן איינעם אין האַרצן. וואָס וועט זיין אונדזער גורל? איז דען ניט מעגלעך אַז דאָס וואָס האָט פּאַסירט נעכטן, קען מאָרגן ווידער פּאַסירן? און פאַרוואָס ניט? אַלע צייכנס ווייזן אויף יאָ. מען האָט גענומען זוכן וועגן ווי אַזוי צו ענטלויפן פון געטאָ, אין די וועלדער. דאָס איז אָבער ניט געווען אַזוי פּשוט. עס האָבן זיך געשאַפן פאַרשידענע פּראָבלעמען. די יונגע מענטשן האָבן געקענט אַנטלויפן צו די פּאַרטיזאַנער, אָבער וואָס זאָלן מאַכן די אַלטע און קראַנקע מענטשן? קען מען זיי דען איבערלאָזן עלנט אין די הענט פון די נאַצישע מערדער? דאָס זענען געווען פראַגן, אויף וועלכע מ'האָט ניט געקענט געבן קיין ענטפער. די איינגע פאַרבינדונגען צווישן די משפּחות האָט געבראַכט צו דעם אַז די גרעסטע טייל יידן זענען געבליבן אויפן פּלאַץ ביז צום טראַגישן סוף און פאַרניכטונג דורך די נאַצישע מערדער.

ביי אונדז אין שטוב איז אויך געווען דאָס זעלבע. מיין יינגערער ברודער, יוסף, האָט געוואָלט גיין אין וואַלד צו די פּאַרטיזאַנער. אַלע קינדער פון אונדזער משפּחה האָבן עס געקענט מאַכן. אויך דער טאַטע האָט געקענט מיטגיין, אָבער וואָס טוט מען מיט דער מאַמען? זי האָט געהאַט קראַנקע פיס, און זי האָט ניט געקענט זיין איין נאַכט אין דער קעלט. איך מיט מיין שוועסטער לאה האָבן זיך אַרויסגעגנבעט ביינאַכט פון געטאָ און געגאַנגען צופוס צו אונדזערע באַקאַנטע קריסטן נעבן ליפּנישאָק. מיר האָבן זיי געוואָלט אַלץ געבן, זיי זאָלן אויסבאַהאַלטן אונדזערע עלטערן. אָבער קיינער פון די פּויערים האָבן דאָס ניט געוואָלט טאָן. זיי האָבן זיך געשראָקן פאַר די דייטשן. זיי האָבן אפילו מורא געהאַט צו ריידן מיט אונדז, און מיר זענען מיט ליידיקע הענט צוריק געקומען.

די מאַמע האָט זיך ביי אונדז געבעטן, מיר זאָלן אַנטלויפן און זיך ראַטעווען. קיינער פון אונדז האָט אָבער ניט געוואָלט גיין און איבערלאָזן די מאַמען אַליין אין געטאָ. און אַזוי זענען מיר אַלע צוזאַמען געבליבן אויפן פּלאַץ.

ווען איך באַטראַכט איצט די לאַגע, קען איך קלאָר און דייטלעך פעסטשטעלן, אַז איך בין זייער צופרידן, וואָס מיר האָבן אַזוי געהאַנדלט און

ניט איבערגעלאָזן די מאַמען אַליין. איך וואָלט דאָס קיינמאָל ניט געקענט פֿאַרגעסן און מיין געוויסן וואָלט קיין מאָל ניט געקענט בלייבן ריין. אַזוי האָבן מיר איינפֿאַרשטאַנדן מיט אונדזער גורל און פֿאַרגעזעצט אונדזער שווערן לעבן אין געטאָ. מיר האָבן געהערט אַז אונדזער מומע, שרה קאַבאַצניק, מיט איר משפחה לעבן, און זיי באַהאַלטן זיך אויס ביי אַ גוי, אָבער זי קען ניט אויסבאַהאַלטן מער קיינעם.

## ליקווידאַציע פֿון איוויער געטאָ

דעם 1־טן יאַנואַר, 1943, האָט מען אונדז אַלעמען געהייסן אַריינגיין אין באַן־וואַגאָנען, וועלכע זענען שוין געווען צוגעגרייט פֿאַר אונדז. דאָס איז געווען אין אַ קאַלטן ווינטער־פֿרימאָרגן, ווען אַ טיפֿער שניי האָט באַדעקט די ערד. דער פֿראָסט איז געווען שטאַרק, און ס׳איז אונדז אַלעמען געווען זייער קאַלט. אַ סך יונגע מענטשן זענען נאָך פֿריער אַנטלאָפֿן צו די פּאַרטיזאַנער אין וואַלד, אָבער פֿון אונדזער משפּחה האָט זיך קיינער ניט גערירט, ווייל מ׳האָט זיך ניט געוואָלט צושיידן. ווידער זענען מיר אַלע געגאַנגען צוזאַמען צו די וואַגאָנען און געלאָזט דעם גורל באַשטימען אונדזער צוקונפֿט.

אין די וואַגאָנען איז געווען זייער קאַלט און די מאַמע האָט אין פֿאַרלויף פֿון עטלעכע טעג, וואָס מיר זענען געשטאַנען און געפֿאָרן, זייער געליטן פֿון אירע קראַנקע פֿוס. ענדלעך האָט מען אונדז געבראַכט קיין באָריסאָוו (רוסלאַנד) און נאָכדעם קיין סמאָלענסק.

## דער טראַגישער טאָג אין ביאַלאַ בלאָטע. די צווייטע שחיטה

ביאַלאַ בלאָטע געפֿינט זיך 14 ק״מ פֿון באָריסאָוו. דאָרטן אין די וועלדער איז געווען אַ קליינער לאַגער מיט אונטערערדישע באַראַקן, אין וועלכע די צונויפֿגעבראַכטע יידן האָבן פֿאַרגעזעצט זייער לעבן. אָבער אפֿילו דעם אַזוי „כלומערשט געראָפֿענעם לעבן״ אין די אונטערערדישע באַראַקן האָבן די דייטשן אויך ניט געלאָזט לאַנג פֿירן.

דעם 10־טן מערץ, 1943, זענען אָנגעקומען אין לאַגער גרויסע לאַסט־אָטאָמאָבילן, און די דייטשן האָבן געהייסן אַלע יידן אַרויסגיין פֿון די באַראַקן און אויסשטעלן זיך אין שורות. דאָ האָבן זיי ניט געציילט די מענטשן ווי אין דער ערשטער שחיטה אין איוויע. זיי האָבן אָנגעקוקט די

מענטשן און האָבן אָנגעלאָדן אויף די לאַסט־אָטאָמאָבילן ווען זיי האָבן געוואָלט. דאָ האָט זיך אָנגעהויבן דער טראַגישער סוף פון אונדזער משפחה. זיי האָבן צוגענומען דעם טאַטן, די מאַמען און חיה׳קען. לאה׳קען, וועלכע איז נאָכגעלאָפן די עלטערן, האָבן זיי צוריק געשטופּט, און מיר מיט יוסף׳קען האָבן זיי אפילו ניט צוגעלאָזט נאָענט צו די לאַסט־מאַשינען. אין אַ קורצע צייט שפּעטער, ווען די לאַסט־מאַשינען האָבן פאַרלאָזן דעם פּלאַץ, האָבן מיר ווידער געהערט שיסערייען פון מאַשין־געווער, וועלכע מיר האָבן נאָך ניט פאַרגעסן פון דער ערשטער שחיטה. מיר האָבן שוין גאַנץ גוט געוווּסט וואָס עס האָט פּאַסירט מיט אונדזערע טייערסטע. אונדזער געוויין און אונדזערע געשרייען האָבן גאָרניט געהאָלפן. מיר ווייסן ניט אפילו דעם גענויעם פּלאַץ, ווו זיי זענען אומגעקומען און ווו עס געפינען זיך זייערע קברים, און ווער ווייסט אויב מען האָט זיי בכלל באַערדיקט.

איך געדענק נאָר, אַז זיי זענען אומגעקומען ניט ווייט פון „ביאַלאַ־באַלטע”, וואָס איז 14 ק״מ ווייט פון שטאָט באָריסאָוו אין רוסלאַנד. דאָ איז אויך אומגעקומען דעם פעטער משה׳ס משפחה, אויסער זייער זון מאיר וועלכער איז געבליבן ביים לעבן. דאָ איז אויך אומגעקומען לייזער קאַרק־לינסקי׳ס משפחה, אויסער אים אַליין, וועלכער איז אויך לעבן געבליבן. אין דער אַקציע זענען אומגעקומען איבערהויפּט פרויען, עלטערע מענער און קינדער.

נאָך דער שחיטה זענען מיר שוין געבליבן אַ קליין הייפעלע מענטשן. פון אונדזער שטעטל זענען געבליבן: איך, מיין ברודער יוסף, מיין שוועס־טער לאה, מאיר, דער זון פון פעטער משה, לייזער קאַרקלינסקי און לייזער גוטאַלעבסקי. לאה איז געווען אונדזער צווייטע מאַמע, און מיר זענען געווען איהרע קינדער. טראָץ דעם, וואָס קיינער האָט ניט געקענט קיינעם העלפן, האָבן אונדזערע עלטערן אונדז גענעהרט יעדן טאָג מיט האָפענונגען, אַז מעגלעך וועלן מיר ווי עס איז איבערלעבן די שוידערלעכע צייטן, און די שרעקלעך מערדערישע מלחמה. איצט איז אונדזער איינציקער טרייסט אויך פאַרשוווּנדן געוואָרן. עס פעלן מיר ווערטער און עס איז מיר אוממעגלעך אויסצודריקן דאָס, וואָס איך האָב דאַן, דעם 10־טן מערץ 1943, איבערגעלעבט און געפילט. איך געדענק נאָך היינט גענוי דעם קאַלטן פרימאָרגן, ווען מיר האָבן זיך געבעטן ביי די סאַדיסטישע מערדער,

אַז זיי זאָלן אונדז אויך מיטנעמען און פאַרניכטן, ווייל דער טויט האָט אויסגעזעען אין אונדזערע אויגן פיל בעסער ווי דאָס לעבן. אָבער זיי האָבן געוואָלט, אַז מיר זאָלן זען ווי זיי פאַרניכטן אונדזערע ליבסטע און איינער פון זיי האָט אונדז געענטפערט: אייער צייט וועט אויך קומען, אָבער איר דאַרפט נאָך וואַרטן.

## סמאָלענסק און מינסק

דעם 15־טן אויגוסט 1943, בין איך קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. די קרענק האָט זיך זייער פאַרשפרייט ביי אונדז אין לאַגער, און אַ סך מענטשן זענען פון דעם געשטאָרבן. לאה און יוסף האָבן געאַרבעט און איך האָב זיך נאָכגעשלעפט מיט גרויסע היץ. ווי אַזוי איך האָב עס דורכגעמאַכט און געבליבן לעבן, קען איך עס נאָך היינט ניט פאַרשטיין. מיר זענען ניט געשטאַנען לאַנג אין סמאָלענסק, ווייל דער פראָנט פלעגט די גאַנצע צייט זיך רוקן צוריק, ביז מיר זענען אָנגעקומען קיין מינסק.

אין מינסק זענען מיר נאָך אַלע דריי געווען צוזאַמען. דאָ איז יוסף קראַנק געוואָרן אויף טיפוס. ער איז אַזוי אָפּגעשוואַכט געוואָרן, אַז ער האָט אפילו ניט געקענט שטיין אויף זיינע פוס. אין פאַרלויף פון די אַרבעט־שטונדן האָבן מיר אים באַהאַלטן אין די באַראַקן אונטער די שעניקעס. אין אָווענט און אין דער פרי, פלעגן מיר אים ביידע האַלטן אויף די פוס ביז די דייטשן פלעגן ענדיקן איבערציילן די מענטשן, אויב קיינער פעלט ניט פון אונדז. אַזוי איז אונדז געלונגען צו ראַטעווען יוסף׳קן פון זיכערן טויט, ווייל מ׳האָט ניט געטאָרט קראַנק זיין און זיי פלעגן דערשיסן יעדן קראַנקן מענטשן.

## לובלין — טרעבלינקע

דעם 1־טן סעפטעמבער 1943, האָט מען אונדז געבראַכט קיין לובלין. דאָ האָט מען אונדז אַלעמען אויסגעלאָדן פון די וואַגאָנען. מען האָט אָפּגעשיידט פון אונדז די פרויען און אויך די עלטערע מענער, צווישן זיי איז אויך געווען אונדזער שוועסטער לאה. דאָ האָט מען שוין ניט געשאָסן. מען האָט שוין ניט געהערט די געשרייען פון די קרבנות. פון דעם פלאַץ האָט מען זיי געשיקט קיין טרעבלינקע, וועלכע געפינט זיך ניט ווייט פון לובלין. דאָרט האָט מען אַלעמען דערשטיקט אין די גאַז־צימערן און פאַר־

ברענט אין די גרויסע אויוונס. קיינער פון די קרבנות האָט זיכער ניט געוווּסט פון דעם נייעם דייטשן בעסטיאַלישן מאָרד־סיסטעם וועלכע האָט דערמעגלעכט אויסצופירן אַזאַ גרויסן מאַסן־מאָרד, שנעל און רויִק, אָן דעם באַדערפעניש דורכצופירן שיס־אַקציעס וועלכע זענען געווען צו לאַנג־זאַם פאַר זייערע גרויזאַמע פאַרניכטונגס־פּלענער צו פאַרניכטן מיליאָנען מענטשן. דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אַזוי שנעל אַז איך בין געוואָרן צומישט און האָב אפילו ניט געוווּסט וואָס דאָ פּאַסירט. דאָס פאַרלירן לאהן, אונדזער צווייטע מאַמע, האָט שוין איבערגעפילט די מאָס פון פּיין און מיין וועלט איז שוין אין גאַנצן פינצטער געוואָרן. איך מיט יוסף׳ן האָבן זיך נאָך געפּרוּווט טרייסטן, אָבער דער קלאַפּ איז שוין געווען צו גרויס פאַר אונדז ביידן. אויפן צווייטן טאָג, ווען זיי האָבן ווידער אַלעמען אויסגעשטעלט אויפן פּלאַץ, האָב איך געהאָפט אַז איצט וועל איך שוין אין יעדן פאַל גיין מיט יוסף׳ן צוזאַמען, מיר וועלן זיך האַלטן ביידע פאַר די הענט און וועלן זיך קיינמאָל ניט צושיידן. אין דעם טאָג האָט מיט אונדז גאָר ניט פּאַסירט, און אַזוי אויך אין די צוקונפטיקע עטלעכע טעג. מיר זענען שטענדיק געווען צוזאַמען און זיך ניט צעשייט, אפילו אויף אַ מינוט, ווייל מיר האָבן געלעבט אין שטענדיקן שרעק אַז עפּעס קען פּאַסירן און מיר וועלן זיך פאַרלירן. עס איז אָבער אָנגעקומען דער 3־טער טאָג אין סעפּטעמבער אין וועלכן איך האָב פאַרלאָרן דאָס לעצטע ליכטעלע פון אונדזער משפחה, אונדזער קליינעם ברודער יוספ׳קע. אין דעם טאָג זענען אויך אומגעקומען די ליפּנישיקער יידן: מאיר, דעם פעטער משה׳ס זון, לייזער קאַרקלינסקי און לייזער גוטלבסקי, און איך בין געבליבן אַליין. דער איינציקער פון מיין גאַנצער משפחה און פון אַלע יידן אין ליפּנישאָק, וועלכע זענען געווען צוזאַמען מיט מיר.

אין דעם טאָג האָט מען אונדז אַרויסגעפירט פון די וואַגאָנען, און ווידער אויסגעשטעלט אין שורות. אַלע ליפּנישיקער זענען געשטאַנען צוזאַמען, איינער הינטער דעם צווייטן. איך מיט יוסף׳קען זענען געשטאַנען אין דער ערשטער שורה און איך האָב געהאַלטן זיין רעכטע האַנט מיט מיין לינקער האַנט. דאַן זענען אָנגעקומען 2 אַפּיצירן און אָנגעהויבן צו ציילן. איינער פון די אָפיצירן איז צוגעגאַנגען און האָט אַ קלאַפּ געטאָן מיט זיין שטעקל איבער אונדזערע הענט און האָט געהייסן יוס׳קעס גרופּע גיין לינקס, און מיין גרופּע גיין רעכטס. ווען איך האָב זיך אַרומגעזעען,

וואָס דאָ קומט פאָר בין איך אַרויסגעלאָפן פון מיין שורה און געלאָפן צו יוספ׳קעס, אָבער די דייטשן האָבן מיר אָנגעהויבן צו בריקעווען מיט די פוס און ווען איך האָב זיך שפּעטער נאָך אַ מאָל אַרום געקוקט האָב איך זיי שוין מער קיינעם ניט געזען. פון דער מינוט אָן האָב איך שוין מער ניט געזען און געהערט פון מיין טייערן ברודער יוסף. ער איז זיכער אומגעקומען מיט די איבעריקע ליפּנישיקער אין די גאַז־אויוונס פון טרעבלינקע.

דאָס ביסל איבערגעבליבענע יידן האָט מען ווידער אָנגעלאָדן אויף די וואַגאָנען און אַוועקגעשיקט קיין דייטשלאַנד. ווען איך בין אָנגעקומען קיין דייטשלאַנד אין אונדזער נייעם לאַגער, האָב איך מיט דער הילף פון די דייטשע אַרבעטער געפּרוווט דערוויסן זיך דעם גורל פון דער גרופּע, וועלכע איז אָפּגעטיילט געוואָרן פון אונדז אין לובלין, אָבער איך האָב גאָרניט געקענט אויסגעפינען. זייערע שפּורן זענען פאַרלוירן געגאַנגען ווי די שפּורן פון נאָך מיליאָנען קרבנות.

דאָס איז אַלץ וואָס איך געדענק און וואָס איך וועל אויך קיינמאָל ניט פאַרגעסן. דאָס זענען געווען די געשעענישן און דער טראַגישער סוף פון אונדזער גרויסער און שיינער משפּחה און אויך פון אַלע איבעריקע יידן פון אונדזער שטעטל ליפּנישאָק. זייערע קערפּערס און זייער אַש זענען צעשפּרייט איבער רוסלאַנד און פּוילן. אָבער מיר, די לעבן־געבליבענע, האָבן דעם הייליקן פליכט צו געדענקען שטענדיק אונדזערע טייערע קדושים וועלכע זענען אַזוי טראַגיש אומגעבראַכט געוואָרן דורך די פאַר־ברעכערישע הענט פון די נאַצישע מערדער.

מאיר קאפלאן (אמעריקע)

## יתגדל ויתקדש

אַ קדיש נאָך דיר מיין שטעטעלע
אַ הזכרה, אַ יאָר צייט נאָך דיר.
ביסט גרויזאַם און שרעקלעך פארניכטעט געוואָרן
אָה! טרויעריק איז מיר.

קליין ביסטו געווען מיין שטעטעלע,
אינגאַנצן פון קרובים, פריינד און חברים באַשטאַנען.
נאָך דיר און די הייליקע קדושים
זאָג איך קדיש אַזוי ווי נאָך מיין מאַמען.

אַ קדיש נאָך די מיין שטעטעלע
און אַ קללה דעם בלוטיקן מערדער
זאָל שטערן זיין שלאָף דאָס קינדער-געוויין
זאָל בלייבן פון אים נאָר אַ שטיין.

ביסט פאַרקניפּט אין האַרצן מיין שטעטעלע
מיט זיסע זכרונות פון אַ אומשולדיק קינד
מיט שטרעבונג, חלומות, ליבע, און יוגנד
וואָס איז פאַרביי אַזוי שנעל ווי דער ווינט.

ביסט חרב געוואָרן נאָר פיזיש מיין שטעטל,
ברוטאַל פאַרניכטעט, צושטערט און פאַרברענט
מיר וועלן דיר אָבער אייביק געדענקען
ביז אונזער לעצטן ענד.



נטיעת עצים ב„יער הקדושים" בהרי ירושלים לזכר קדושי ליפנישוק
ביים פלאַנצן בוימער אין „יער הקדושים" אין די בערג פון ירושלים
צום אָנדענק פון די ליפנישקער קדושים



בעת נטיעת עצים ב„יער הקדושים" בהרי ירושלים לזכר קדושי ליפנישוק
ביים פלאַנצן בוימער אין „יער הקדושים" אין די בערג פון ירושלים
צום אָנדענק פון די ליפנישקער קדושים

# יזכור אלהים

את נשמות

הקדושים והטהורים, אנשים נשים, זקנים וטף

קדושי ליפנישוק

שהומתו, נהרגו, נחנקו ונקברו חיים על קדוש השם

בשנות תש"א (1941) — תש"ד (1944)

בידי הצוררים הגרמנים, הנאצים ומשרתיהם ימ"ש.

תהיינה נשמותיהם צרורות בצרור החיים.

ארץ, ארץ אַל תכסי דמם.

נקום לעינינו נקמת דם עבדיך השפוך.

יתגדל, ויתקדש, שמם וזכרם לעולמי עד ולנצח נצחים.

**רשימת קדושי ליפנישוק הי"ד**
**שניספו בשואה**

## רשימת קדושי ליפנישוק שנרצחו בזמן השואה

| שמות ההורים | שמות הילדים |
|---|---|
| **א** | |
| אבלביץ יצחק, אטל | שרה וילדים נוספים |
| אבלביץ שמחה יואל, גנסיה | חיים גדליה, צ׳רנה, בעלה ובתם |
| אנגל פרימה | זלדה, שלמה-זלמן |
| אברמוביץ אברהם הירש, ליבה | יצחק גיטל |
| אברמוביץ צמח, סוניה | רחל, צילה, יוכבד |
| אברמוביץ ריבה-איטקה | מיכלה, פועה |
| איבניצקי ישראל, בלה | אליהו, איטה, רוזה, הרצל |
| **ב** | |
| ברנצובסקי אלתר, רייזל | זאב |
| בלילה שמקה, יוסף | ליובה |
| בלילה אליעזר אברהם, סוניה | יעקב, בתיה |
| ברקוביץ אשר | |
| בקשט חיה-שרה | |
| בלוך שמעיה ואשתו | 7 ילדים |
| **ג** | |
| גינזבורג אליעזר, אסתר גיטה | |
| גול אלטה, דב — — — — — | וילדים |
| גינזבורג אידל, חנה | זאב וילדים נוספים |
| גולדשמידט אליעזר משה, זלדה | |
| גרשוביץ משה, בלהה | שרה-חנה וילדים נוספים |
| גוטלבסקי פייבה, מלכה | סימה, רחל, אליעזר, צבי ויעקב |
| גורדון אייזיק, חיה פייגל | 2 ילדים |

| שמות ההורים | שמות הילדים |
| --- | --- |
| **ד** | |
| דייכס אסתר | פייקה |
| היידוקובסקי יקותיאל, בובקה | וילדים |
| **ה** | |
| הינדה בשקה | |
| **ו** | |
| וינשטיין יחיאל השל, בשקה | אברהם, איסר |
| ווינשטין נפתלי, צירקה | שרה רייכלה ושולמית |
| וינשטין השל, גולדה | ישראל, מלכה, מיכאל |
| וינשטיין ברכה | |
| **ז** | |
| זינגר חיים צבי, מושקה | |
| **ח** | |
| חסמן דוד יוסף | |
| חסמן אלתר | |
| **י** | |
| ינובסקי יצחק, שושקה לבית בלילה | זלמן, יהושע ועוד בן |
| ינובסקי גולדה | |
| יוקוב יוסף, חיה פייגל | |
| יוקוב שיינה, לבית אברמוביץ | יוסף ועוד בת |

| שמות ההורים | שמות הילדים |
| --- | --- |
| **כ** | |
| כץ אליהו, בשקה, לבית צמחוביץ | וילדים |
| **ל** | |
| לוין משה, חנה אסתר | מרים, מאיר, דינה |
| לוין שלום, איטה | יצחק, לייבקה, פרומקה |
| לוין יהודה, מייטה | יונה, צבי וילדים נוספים |
| לוין רבקה לאה | |
| לוין יהיאל, שרה | לאה, חיה, יוסף |
| לוין שלמה, רחל-לאה | אברהם-אלי, גולדה |
| לוין יצחק ואשתו | בת אחת |
| לוין רחל | דב, בצלאל, חנה |
| לוין אברהם ובתיה | |
| לייבמן אבא | חיה, זיסקה |
| ליונד פרץ | אסתר |
| לידסקי פסח, לאה | יצחק ועוד 2 ילדים |
| לסובסקי בתיה וצביה | |
| לסובסקי יוסף | ירוחם, לייזר וחיים |
| **מ** | |
| מדלינסקי הנה-אבא, צ׳סנה | |
| מאירוביץ אברהם חיים, חיה | וילדים |
| מונקו יואל, משה, מרים | |
| מונקו פסח, שיינקה | 2 ילדים |
| מילכיקר, גרשון ושרה לבית קרקלינסקי | אברשה, פרומקה |
| מאירוביץ אייזיק, חוה | אליעזר, שרה, מרים, שמעיה |
| מרכשף רבקה | |
| משה ואשתו חנה-בילה לבין ויין | 2 ילדים |

| שמות ההורים | שמות הילדים |
|---|---|
| **נ** | |
| נוחימסון אלתר, חסיה | הינדה, רבקה, אברהם ועוד ילדים |
| נוחימסון חיים | |
| נובופרוצקי נחמה לבית קיבלביץ | 3 ילדים |
| **ס** | |
| סטוצקי שמעון, צירל | וילדים |
| סולץ לייבקה, שרה, לבית צמחוביץ | בת |
| סידרר יעקב-משה, רוזה | ישעיהו, גולדה, שלמה |
| סטרודבורסקי יורה | רחל ועוד ילד |
| **פ** | |
| פלוטניק ירחמיאל, רשקה | ראובן, יונה, זליג, צבי |
| פיקובסקי אברהם, מלכה | בנימין, נחמן, אברהם-אלי |
| פפה שושה | איטקה |
| פפה משה לייב, שרה | אליעזר, סימה |
| פיסחוביץ דוד, יוכבד | דבורה, שרה, אסתר |
| פיסחוביץ אלתר, בתיה | יצחק |
| פיסחוביץ בשקה | זליג |
| פוחוביצקי מרים | |
| פידלר יצחק, רבקה | חיה, אלתר, גולדה |
| פרצוביץ מינה | צבי |
| **צ** | |
| צוקר הרשל, חיה שרה | שלמה, מלכה, מרים |
| צמחוביץ טודרס, לאה | אלקה, חיים |

| שמות ההורים | שמות הילדים |
|---|---|
| **ק** | |
| קלמנוביץ קלמן, דבורה | יצחק, בריינה, איטה, רחל |
| קרקלינסקי אליעזר, גולדה | פרומה, מרים |
| קרקלינסקי משה פנחס | שמואל, מאיר, חיים |
| קרוכמלניק מאיר, חיה-מרים ודודתם | |
| קורן יצחק, ציפה | 3 ילדים |
| קיבלביץ אברהם, איטה-ביילה | |
| קיבלביץ זלמן, רחל | וילדים |
| קיבלביץ הניה, לייבקה | רבקה, קריינה |
| קיבלביץ שמואל, גנסיה | חנה-רשקה, קיילה, קלמן |
| קיבלביץ שלום לייב, חיה לאה | |
| קיבלביץ משה, דבורה | 2 ילדים |
| קרביצקי טייבה, יעקב לייב | דב, סוניה |
| קלמנוביץ יצחק, פייגה טייבה | בת |
| קנטרוביץ שמואל, גלה | נפתלי, הניה |
| קפלן אהרון-לייב | ישעיהו |
| קרצמר פסיה נחמה | |
| קרצמר נטע, ברכה | חיה, יצחק |
| קולטון מרדכי, שיינקה | וילדים |
| קולטון בנימין, חיה לאה | בילה, אליהו |
| קוסובוי משה | |
| קרימסקי צבי, אסתר לבית גוטלבסקי | חנה, יהודית |
| **ר** | |
| רוגוב אידה | |
| רדונסקי יקותיאל, מושקה | ברוך, בילה |
| רדונסקי שאול, חנה-רחל לבית אברמוביץ | דב |

| שמות ההורים | שמות הילדים |
|---|---|
| רדונסקי קיילה | |
| רובינוביץ יודל, בת שבע | מינקה, יוכקה |
| רבינוביץ יוסף, גולדה | חנן, שמואל, משה |
| רודניק ואשתו צ׳ירנה לבית אבילביץ | ובתם |
| **ש** | |
| שניידר ירחמיאל, שרה | זאב, חיה רחל |
| שניידר מאיר | |
| שמול צבי, פרידה רשקה | |
| שלוסברג דובה | |
| שמוקלר הינדה | יוסף |
| שלוסברג ישראל, רחל | |
| שמידט אליעזר, גניה | 2 ילדים |
| שפירא ברוך, אדלה | 2 ילדים |

## רשימת קדושי גביה שניספו בהשואה

משפ. לייזרוביץ
משפ. קיבלביץ

